DAVID AND SYLVIA STEINER YIZKOR BOOK COLLECTION

STEVEN SPIELBERG DIGITAL YIDDISH LIBRARY
NO. 13921

# *Otwock Memorial Book*

## Ḥurbn Oṭṿotsḳ, Falenits, Ḳarṭsheṿ



THE NEW YORK PUBLIC LIBRARY – NATIONAL YIDDISH BOOK CENTER
YIZKOR BOOK PROJECT

NEW YORK, NEW YORK AND AMHERST, MASSACHUSETTS

בנימין אָרענשטיין

# חורבן

# אטוואצק, פאלעניץ, קארטשעוו

1 9 4 8

פאַרוואַלטונג פון אָטוואָצקער, פאַלעניצער און קאַרטשעווער לאַנדסלייט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד.

# אינהאלט:

## ערשטער טייל — חורבן



## צווייטער טייל — דערינערונגען



## דריטער טייל — לזכרון נצח

## מאַטטאָ:

ליבן דאָס גוטע הייסט;

נעגירן דאָס שלעכטע און בייזע,

האַסן דאָס שעדליכע און ברוטאַלע,

באַקעמפן פאַרברעכן און טיראַניע.

ב. א.

## I טייל — חורבן

# אָטוואָצק

די שטאָט אָטוואָצק געפינט זיך 28 קמ. אונטער וואַרשע — זי איז באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען „ליניע, „דאַטשע” און „קליין פּאַלעסטינע”. דער גאַנצער שטח פון דער „ליניע”, דאָס הייסט פון וואַווער ביז אָטוואָצק איז זומער־צייט באַוווינט געווען אין דער מערהייט פון יידן. די גאַנצע געגנט איז באַצירט מיט סאָסנע־בוימער און איז איינע פון די שענסטע קור־ערטער אין פוילן.

די שטאָט אָטוואָצק אַלס קור־אָרט, האָט געהאַט א גרויסן רום. אין זומער־סעזאָן זיינען געקומען יידן קיין אָטוואָצק פון דער גאַנצער וועלט, אפילו פון אַמעריקע, צו געניסן פון דעם אייגנאַרטיקן קלימאַט און לופט.

די שטענדיקע צאָל יידישע איינוווינער איז געווען אומגעפער ביי 10.000 נפשות. די פאַקטישע צאָל האָט אין הויך־סעזאָן געציילט ביז 40.000 יידן.

די געקומענע יידישע געסט האָבן זיך מערסטנטייל רעקרוטירט פון די פאַרמעגלעכע שיכטן.

די ספּעציפישע באַדינגונגען פון דעם קור־אָרט אָטוואָצק האָבן געשאַפן אייגנאַרטיקע באַדינגונגען פאַר די איינגעזעסענע איינוווינער.

אויפן ערשטן אָרט האָבן געשפּילט א ראָלע די פּענסיאָנאַטן, פּריוואַטע סאַנאַטאָריומס און ענלעכע קור־ און טעראַפּישע אַנשטאַלטן. די פּרנסה־קוואַלן פון די שטענדיקע איינוווינער זיינען געווען פון באַדינען די קור־געסט. דאָס זיינען געווען: אייגנטימער פון פּענסיאָנאַטן, קעלנער, קעלנערינס, פּאָרטיערן, צושטעלער פון שפּייז־אַרטיקלען פון אַלע סאָרטן, סוחרים פון פאַרשיידענע געשעפטן, וואָס דינט פאַרן געברויך פון קור־געסט. סאַניטעטס־פּערסאָנאַל: דאָקטוירים, סאַניטאַרן, קראַנקן־שוועסטער, מאַסאַזשיסטן און פריזירער.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן מיט אירע אינסטיטוציעס זיינען געווען א מוסטער פאַר דער גאַנצער וועלט. פון די עקזיסטירנדע אַנשטאַלטן איז ווערט אונטערצושטרייכן פאָלגנדע:

זאָפּיוווקאַ” — חייל־אַנשטאַלט פאַר פּסיכישע און גייסטיק קראַנקע, „בריאות”



אַ גרופּע אָטוואָצקער לאַנדסלייט אויף אַן אויספלוג אין שווידער, אויף דער בריק ביי דער ווייסל. פון דער רעכטער זייט יצחק ריבא מיט זיין פרוי, נעווען אין דער קרינס־צייט אין ראטנפארבאנד. ווינען היינט אין וועצלאר אין דייטשלאנד די איבעריקע זיינען אלע אומגעקומען.

---

— סאנאטאָריום פאר לונגען קראנקע, איינגעריכטעט לויט דער מאָדערנסטער ארכיטעקטור, פארזען מיט אלע טעכנישע און רענטגענאָלאָגישע אפּאראטן, „צענטאָס" דערציונגס־אנשטאלט פאר דעפעקטיווע קינדער, נענרינדעט דורך דעם געוועזענעם פּארלאַמענטאַריסט פון פּוילישן סיים נח פּרילוצקי, „מרפא" — הייל־אַנשטאַלט פאר אומפּארמעגלעכע קראנקע, „טאָז" — נעזעלשאפט צו שיצן דאָס נעזונט ביי יידן.

אין אָטוואָצק האָט מען געקענט זען אַלע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאַפט: אינדוסטריעלער, רייכע סוחרים, האַנטווערקער, קינסטלער, ליטעראַטן, זשורנאַ־ליסטן, אויסיסטן און אויך די אָנגעזעענסטע רביים. יעדע שיכט פון די אויסגערעכנטע גרופּירונגען האָבן זיך קאָנצענטרירט אין נעוויסע פּענסיאָנאטן, ווי למשל, די רייכ־סטע זיינען איינגעשטאנען אין גורעוויטשעס פּענסיאָנאט, ווייל ער איז געווען דער טייערסטער און איינגעריכטעט מיטן גרעסטן לוקסוס און קאָמפאָרט.

עס איז ווערט צו באמערקן אז אין גרעוויטשעס פּענסיאָנאַט זיינען זייער אָפט איינגעשטאַנען דיפּלאָמאַטן און מיניסטאָרן פון פאַרשיידענע מלוכות און אויך דער פּוילישער מאַרשאַל יוזעף פּילסודסקי. פון די מיטעלע קרייזן זיינען איינגעשטאַנען אין די פּענסיאָנאַטן פון קלעפּפּיש, וואַכמאַן און אַנדערע. די רביים מיט זייערע סוויטעס זיינען איינגעשטאַנען אין אייגענע ווילעס אָדער אין די רעליגיעזע פּענסיאָנאַטן פון יחיאל מאיר זאָלבערג און אַנדערע.

עס איז געווען אַ שיינע יידישע קהילה. יידן זיינען געווען פאַרטראָטן אין דעם שטאָט־ראַט און אין מאַגיסטראַט. אין פינאַנס־אַמט און אין די פרייוויליקע פייער־לעשער־אָרגאַניזאַציע („אָכאָטניטשאַ סטראַזש פּאָזשאַרנאַ“).

אויסער די גרויסע צאָל בתי־תפילות, וואָס זיינען געווען אין די פאַרשיידענע פּענסיאָנאַטן, זיינען געווען צוויי גרויסע פּראַכטפולע סינאַגאָגעס. איינע אויף דער וואַרשעווער גאַס מיט די פּראַכטפולסטע איינריכטונגען, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלן און אַ צווייטע אויף עק ריימאָנטאַ און זשעראָמסקעגאָ. דער יידישער בית־עולם האָט זיך געפונען צווישן אָטוואָצק און קאַרטשעוו און מיט זיך פאַרגע־שטעלט מוסטערהאַפטע אַלייען באַצירטע מיט בלומען און ביימער.

דעם ערשטן טאָג פון קריגס־אויסברוך, 1. סעפּטעמבער 1939, איז אַ באָמבע אַריינגעפאַלן אין אַנשטאַלט פון „צענטאָס“, פאַרוווּנדעט דעם דירעקטאָר קלמן ליס מיט זיין פרוי.

ענדע סעפּטעמבער 1939 זיינען די דייטשן אַריינגעקומען קיין אָטוואָצק. זיי האָבן זיך, ווי אין אַנדערע שטעט, גענומען צום פאַרניכטן דאָס ביסל יידן, צורויבן זייער פאַרמעגן און עקספּלאָאַטירן זייער אַרבעטסקראַפט.

איינער פון די ערשטע קרבנות נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן, איז געווען דער יידישער שרייבער פאַרבעראָוויטש, באַקאַנט אונטער פּסעוודאָנים „אורקע נאַכאַלניק“.

דאָס ערשטע האָבן זיי געגרינדעט אַ יידן־ראַט, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט דער פּרעזעס ל ע ס מ אַ ן, אייגנטימער פון פּענסיאָנאַט פּאַלאַדיום. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אַרבעטס־אַמט, אונטער דער אָנפירונג פון בערנאַרד קראָנענ־בערג. ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט צושטעלן אומזיסטע יידישע אַרבעטס־קרעפטן פאַר די דייטשן.

קראָנענבערג איז פאַר דעם קריג געווען אַ קליינער סוחר, וואָס האָט פאַרקויפט פאַרשיידענע סחורות אויף אויסצאָלונגען, הויפּטזעכלעך פאַר די טעכנישע פּער־סאָנאַלן פון פאַרשיידענע אַנשטאַלטן אין אָטוואָצק. ווערנדיק לייטער פון אַרבעטס־אַמט, האָט ער זיך געפילט, ווי אַ קעניג און דערביי נישט פאַרגעסן זיינע סוחרישע איינגעשאַפטן. ער האָט אַרומגעשיקט זיינע מיטהעלפער צו כאַפּן די פאַרמעגלעכע יידן צו שיקן אויף אַרבעט צו די דייטשן. עס איז קלאָר, אַז די יידן האָבן נישט געוואָלט גיין צו דער אַרבעט און האָבן זיך פאַר געלט אויסגעקויפט ביי קראָנענבערגן. דער רעזולטאַט איז געווען דער; די פאַרמעגלעכע יידן האָבן זיך אויסגעקויפט, קראָ־

נענבערג האָט געמאַכט גוטע געשעפטן און די אָרעמע יידן האָבן געמוזט אומזיסט שווער אַרבעטן פאַר די דייטשן, און דערצו באַקומען געשלאָגן.

אין זומער 1940 האָבן זיך אָנגעהויבן די אַקציעס פון אוועקשיקן יונגע מענער אין די צוואַנגס־אַרבעטס־לאַגערן קיין לובלין, טישאָוויצע ביי הרוביעשאָוו און אין אַנדערע ערטער.

אין אויגוסט 1940 זיינען אוועקגעשיקט געוואָרן 50 אָטוואָצקער לאַנדסלייט קיין טישאָוויצע צו וואַסער־ווירטשאַפטס־ארבעט.

די אַרבעט איז באַשטאַנען אין רעגולירן דעם וואַסער־אָפּלויף פון די פעלדער. מען האָט געגראָבן די ערד ביז 4 מעטער די טיף און 3 מעטער די ברייט, נאָכער פארענדיקט די ראָזון מיט דאַרנינע.

אין לאגער טישאָוויצע זיינען געווען 500 יידן פון פארשיידענע שטעט; ווארשע, אָטוואָצק, טאָמאַשאָוו, טישאָוויצע און פון אנדערע אָרטשאַפטן.

דער לאַגער איז געווען אין אַ מיל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ 1 שטאָקיקע געביידע. די לאגעריסטן זיינען געשלאָפן אויף די פאָדלאָגעס, אויף וועלכע עס איז געלעגן שטרוי. די פארפלעגונג איז באשטאנען פון 20 דעקא ברויט א טאָג מיט שוואַרצע קאַווע און צו מיטאָג אַ זופּ.

די אָנפירונג און באוואכונג זיינען באשטאנען פון „שוואַרצע“. דאָס איז געווען א ספּעציעלע קאָמאַנדע (ס. ד.) באקליידעט אין שווארצע אוניפאָרמען. דאָס זיינען געווען דעגענעראַטן און סאַדיסטן, פאָלקס־דייטשן פון פארשיידענע לענדער, וואָס האָבן געפייניקט די לאגעריסטן ביי דער ארבעט און אין לאגער דורך רופן כסדר־דיקע אַפּעלן סיי ביי טאָג, סיי ביינאכט.

די לאַגעריסטן האָבן די לאגער־אָנפירער געגעבן ספּעציעלע נעמען. דער קאָ־מענדאַנט פון לאגער, א טשעכישער פאָלקס־דייטש איז גערופן געוואָרן, „טאָזי“ זיין פארטרעטער „טאָזי־רויט“. איינער פון די ברוטאַלסטע לאגער־איבערוואכער איז גערופן געוואָרן „ציק־צאַק“ אָדער „האָפּ־האָפּ“, דאָס איז געווען דערפאר, ווייל ביים מארשירן פלעגט ער אנשטאט ציילן איינס, צוויי, אויסרופן ציק, צאַק. ציק, צאַק. ער פלעגט אויך אָפט אַלעמען טרייבן צום לויפן און דערביי פלעגט ער שרייען האָפּ־האָפּ.

דער לאגער איז געווען ארומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן און באוואכט דורך די „שוואַרצע“ וואַך־מענער.

5 אַזייגער אין דער פרי פלעגן זיך אָנהויבן די אַפּעלן, די לאגעריסטן זיינען געווען איינגעטיילט אין גרופּן. אַ גרופּע איז באַשטאַנען פון 60 פּערזאָן און איז אָנ־געפירט געוואָרן דורך אַ גרופּנפירער. די גרופּנפירער זיינען געווען יידן און זייער אויפגאבע איז באשטאנען, אַז ביי די אַפּעלן זאָלן אלע זיין, אויסטיילן די פארפלע־גונג און איבערוואַכן ביי דער אַרבעט, אַז קיינער זאָל נישט אנטלויפן און אַלע זאָלן אַרבעטן.

דאָס פייניקן די לאַגעריסטן ביי דער אַרבעט און אין לאַגער האָט זיך אויס־

געדריקט אין ספּעציעלע שטראָפן. די „שוואַרצע" איבערוואַכער פּלעגן זיך צוטשע־
פּען צו אַ לאַגער סם, אַז ער אַרבעט שלעכט און דערפאַר געשלאָגן ביז בלוט.
איינמאָל האָט אַ וואַכמאַן דערקלערט, אַז ביי איינעם איז די לאָפּעטע שמוציק און
דערפאַר אלעמען באַשטראָפט, אַריינטרייבנדיק אַלע אין אַ טייך פון 80—90 צמ.
די טיף, פּייניקנדיק זיי עטלעכע שעה. דער וואַכמאַן „ציק־צאַק" פּלעגט זיך או־ס־
זוכן אַ קרבן אַוועקשליידערן אים אויף דער ערד, צודריקנדיק מיט אַ פוס דעם
קארק, שלאָגן מיט דער קאָלבע פון דער ביקס אָדער מיט אַ שפּיצרוט איבער'ן
גאַנצן קערפּער, ביז דער צעשלאָגענער איז געבליבן ליגן אָן סימנים פון לעבן. ווען
ער פּלעגט האָבן ביינאַכט דינסט אין לאַגער האָט ער די לאַגעריסטן נישט געלאָזט



א גרופּע אָטוואָצקער קצבים אין לאַגער טישאָווצע.
ביים לעבן איז געבליבן קלמן האָראָוויטש. די איבעריקע זיינען אומגעקומען.

שלאָפן. יעדע 2—3 שעה האָט ער געמאַכט אַן אַפּעל צום אָפּציילן און דערביי
שלאָגן וועמען עס איז נאָר אונטערגעקומען אונטער דער האַנט.

ביינאַכט איז נישט דערלויבט געווען צו גיין אליין אין אַבאָרט נאָר אין דער
באַגלייטונג פון דיזשורנעס. עס זיינען געווען 2 דיזשורנעס, וואָס האָבן געהאַלטן

גרויסע לאָמפּן און זיי האָבן געפירט און צוריקגעפירט פון אַבאָרט. עס פלעגט פּאַסירן פאלן, אַז פון דער שלעכטער דערנערונג האָבן לאַגעריסטן באַקומען דורכפאַל און גישט געקענט וואַרטן ביז דער דיזשורנע וועט צוריקקומען, דערפאר זיינען זיי אליין אַוועק אין אַבאָרט. אזעלכע זייגען דורך דער וואכמאנשאפט דערשאָסן געוואָרן.

דער יידן=ראַט אין טישאָווצע האָט זיך באַמיט, אַז די לאַגעריסטן זאָלן באַפרייט ווערן פון דער אַרבעט ראש=השנה און יום=כפור און מען זאָל זיי ערלויבן צו דאַווענען. דער רעזולטאַט פון דער איגטערווענץ איז געווען, אַז די לאַגעריסטן זיינען דעם ערשטן טאָג ראש=השנה באפרייט געווען פון דער אַרבעט, דערפאר זיינען זיי דעם צווייטן טאָג שרעקלעך געפייניקט און געצוווגגען געוואָרן אויסצופירן א דאָפּלטע צאָל ארבעט. יום=כפור האָבן אלע געמוזט ארבעטן.

די טישאָווצער לאַגעריסטן האָבן געברענגט צום אויסדרוק זייער פּייגפול לעבן אין פאָלגנדער דעקלאַמאַציע:

## טישאָווצע

טראַ=טאַ=טאַ=טאַ, טראַ=טאַ=טאַ=טאַ.
פּרעגט גישט, רעדט נישט, שווייגט שטיל שאַ!
500 יידן אין לאַגער צוגויפגעטריבן,
פון פארשיידענע שטעט אויסגעקליבן.
צו ארבעטן, צו ארבעטן, פאר וועמען, פאר וואָס?
פאר טיראַנען, מערדער, פּייניקער, צו וואָס?
אפּעל! איינשטעלן זיך אין רייען צו דריי,
הערט זיך א טומל און ווילד געשריי.
אָפּציילן מיליטעריש; איינס, צוויי, דריי, פיר,
אויך דו צייל, עס האלט שוין ביי דיר.
זעקס, זיבן, אכט, גיין
60 מעגער אין דער גרופּע מוז זיין.
דער גרופּן=פירער גיט אָפּ א באריכט,
וואָס מיט דער גרופּע האָט פּאסירט.
60 זייגען אין דער גרופּע פארשריבן,
צום אפּעל זייגען פופציק געבליבן.
פיר געשיקט צום טישלער, פינף זיינען קראַנק,
דער צעגטער ליגט פארחלשט אויף דער באנק.
מיט רציחה לויפט דער קאָמענדאנט,
וואָס קראַנק? שטיי אויף דו סימולאנט.
סימולאנטן זייגען מיר גוט באקאנט,
ארבעטן מיט אלע האנט ביי האנט.

דער קראנקער מורמלט, ארבעטן, ארבעטן פאר וועמען, פארוואָס?
פאר טיראנען, פאר מערדער און פייניקער, צו וואָס?
פארטיק! לינקס אום, שפּאדלען איבער,
מארשירן די מידע יידן ווידער.
איינס, צוויי, איינס, צוויי און דריי,
לינקס דעם וועג מאכן פריי.
טרא־טא־טא־טא, טרא־טא־טא־טא,
פרעגט נישט, רעדט נישט, שווייגט שטיל שא!
אויפן ארבעטס־פּלאַץ שטייען די אינזשיניערן,
די יידן האלטן שפּאדלעס, טאטשקעס, האמערס און שנירן
ארבעטן, ארבעטן, גראָבן מיט די שפּאדלעס גריבער,
דעם הומשוועג טייך רעגולירן און מאכן טיפער.
ארבעטן, ארבעטן, פאר וועמען, פאר וואָס?
פאר טיראנען, מערדער, פייניקער, צו וואָס?
טרא־טא־טא־טא, טרא־טא־טא־טא,
פרעגט נישט, רעדט נישט, שווייגט שטיל שא!
די זון שיינט, דער טאָג איז א הייסער, אָבער מיר איז קאלט,
אויסגעהונגערט, פארמאטערט פון דער ארבעט אין דעם וואלד.
עס לויפט א צעווילדעטער וואכמאן, א פאָלקס־דייטש,
מיך שלאָגן מיט דער לאנגער בייטש.
עס שמערצט, עס טוט וויי און איך ציטער,
עס ברעכן מיר אלע מיינע גלידער.
— איך פרעג פארוואָס זאָלסטו מיך שלאָגן,
פארוואָס זאָלסטו מיך מאטערן און פּלאָגן.
— צום טייוול מיט דיין וויינען און קלאָגן,
א ייד דארף מען פייניקן, טויטן און פּלאָגן.
פארהלשט ליגט איינער פון הונגער און נויט,
און אפשר איז ער גאָר פארפייניקט צום טויט?
מען ארבעט, מען ארבעט, מען פירט טאטשקעס רייע נאָך ריי,
די אויפזעער שרייען צום טאקט; איינס, צוויי און דריי.
די ארבעט געענדיקט ווידער אין רייען צו דריי,
ווי זעלנער מארשירן איינס, צוויי, לינקס פריי.
שטיין בלייבן. אָפּגעבן די שפּאדלען אין מאגאזין,
אזוי פארגייט דער טאָג אין ליידן און אָן א זין.
— מיטאָג האָלן. אלע שטייען אין א רייע פון פיל מעטער די לענג,
אומגעדולדיק ווארטן מיט די שיסעלעך אין די פארמאטערטע הענט.
דער קאָכער גיסט אָן מיטן קאָך־לעפל די שיטערע זופּ,

דער צווייטער דערנענטערט זיך און דער ערשטער טרעט אָפּ.
ציק־צאַק שמייסט, שלאָגט און מאכט א געפּילדער,
ער לויפט ארום איבערן לאגער ווי א ווילדער.
א באפעל, צום וואסער וואשן די שיסל,
נאָך דער אָרעמער זופּ דאָס ביסל.
חברים, שרייט אויס איינער אין זאל,
דער צעשלאָגענער האָט אין קאָפּ א בייל.
מיר האָבן אין אים אינגאנצן פארגעסן,
לאָמיר פאר אים ברענגען א ביסל עסן.
אונטערלייגן א ביסל שטרוי, מילדערן זיינע ליידן,
און רופן דעם דאָקטאָר, ער זאָל אים היילן.
מיט א ווילד געלעכטער פאלט אריין ציק־צאַק,
עס ווערט אין זאל פון שרעק שטיל שא.
ער טרייבט אלע ארויס אויפן הויף,
און עס ווערט א טומל און א געלויף,
פאלן, אויפשטיין, פאלן אויפשטיין, האָפּ, האָב,
אלע זאָלן שטיין; בלייבן, סטאָפּ, סטאָפּ.
צוריק אין די פינצטערע זאלן שלאָפן,
עס רעגנט און פון דאך פליסן טראָפּן.
אין דער שטילקייט פון דער פינצטערער נאכט,
הערט מען נאָר די טריט פון דער זעלנערישער וואך.
א קראנקער גייט אויפן הויף צו דערלייזיקן זיין געברויך,
א קויל טרעפט אים אין לעבערט אדורך זיין מוח.
דער „שווארצער" טייוולאָנישער ציק־צאַק,
פון זיין מערדעריי פרייט זיך און לאכט.
דער דערשאָסענער בלייבט ליגן טויט
אין א קאלוזשע בלוט, וואָס איז רויט.
טראַ־טאַ־טאַ־טאַ, טראַ־טאַ־טאַ־טאַ,
עס וויל קיינער מער נישט שווייגן, שטיל שא.
עס וויל קיינער מער נישט ארבעטן, פאר וועמען, פארוואָס?
פאר טיראנען, מערדער, פייניקער, צו וואָס?
געננוג קרבנות פון מאָרדן און שריפות,
פון דעזינטעריעס, טיפוסן און מגפות.
זאָל שוין די זון פאר אונדז אויפשיינען,
און פון די לאגער־פייניקונגען באפרייען.
קומען זאָל דער טאָג פון נקמה,
וואָס זאָל זיין פאר אונדז א נחמה.

אין דעצעמבער 1940 איז דער לאַגער געוואָרן אויפגעלייזט און אלע זיינען צוריקגעשיקט געוואָרן אין די געטאָס. די אָטוואָצקער לאנדסלייט זיינען אויך צוריקגעקומען, אָבער שפּעטער אין דער אויסזידלונג זיינען זיי אומגעקומען.

ווי אַ האָגל האָבן זיך אַ שיט געטאָן פאַרשיידענע פאראָרדענונגען און רעפּרעסיעס קעגן יידן. דאָס ערשטע איז געווען דאָס טראָגן אָרעם-בענדער, אין די יידישע געשעפטן זאָלן זיין ארויסגעהאנגען מגן-דוד'ס, ביים איינגאנג פון די יידישע געשעפטן זאָן זיין געמאָלט אויף געל, באצאָלן קאָנטריבוציעס, צושטעלן פאַרשיידענע זאכן און א. וו.. יעדן טאָג זיינען געווען אנדערע פאראָרדענונגס-




3 טישאָווצער לאגעריסטן: ביים לעבן איז געבליבן קלמן האָראָוויטש
די איבעריקע 2 זיינען אומגעקומען.

פלאַקאַטן. איין פאראָרדענונג איז געווען, אַז עס ווערט געבילדעט יידישע פּאָליציי, פאַרשטענדלעך אונטער דער אָנפירונג פון „טיכטיקן" קראָנענבערג.

די פּאָליציי האָט אין אָנהויב געציילט 30 פּערזאָן, שפּעטער איז זי פאַרגרעסערט געוואָרן אויף 60 און קורץ פאַר דער ליקווידאַציע פון געטאָ אויף 100 פּערזאָן.

אין דער זעלבער צייט ווערט געשאפן דער יידישער ווין-קווארטאל, וועלכער

ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ געטאָ און עטוואָס שפּעטער אין אַ פאַרמאַכטן געטאָ. דער יידן=ראַט איז געוואָרן רעאָרגאַניזירט, און פּרעזעס איז געוואָרן שמעון נורעוויטש (אַ ברודער פון איינגטימער פון פּענסיאָנאַט). די מאַסן=אַרויסשיקונגען פון אָטוואָצק אויף צוואַנגס=אַרבעט איז געווען זומער 1941. קראָנענבערג מיט זיינע מיטהעלפער האָבן געכאַפּט יונגע יידן אין די גאַסן און צוגעשטעלט צום דייטשישן אַרבעטס=אַמט, און פון דאָרט זיינען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין לובלין צו פאַרטיפיקאַציע=אַרבעטן.

איינע פון די פאַרשריפטן, וואָס האָט דערנידעריקט מאָראַליש די יידן איז געווען, אַז צו פאָרן מיטן צוג מוז יעדער ייד האָבן אַן ענטלויזונג=שיין. יעדער ייד, וואָס האָט געוואָלט פאָרן מיט דער אייזן=באַן האָט געמוזט ניין צו איינעם פון די באַשטימטע דורך די דייטשן פוילישן דאָקטאָר, באַצאָלן 2 זלאָטעס, זיך לאָזן אונטערזוכן, אויב ער באַזיצט נישט קיין ליז. אויפן גרונט פון דער אונטערזוכונג האָט ער באַקומען אַ באַשייניקונג. דאָס האָט געדויערט אַ פּאָר מאָנאַטן און מיט פאַרמאַכן דאָס געטאָ איז איבערהויפּט פאַרבאָטן געוואָרן צו פאָרן מיט דער באַן אונטער דער דראָאונג פון טויט=שטראָף.

איז יאַנואַר 1942 האָבן זיך באַוויזן פּלאַקאַטן אין אָטוואָצקער געטאָ, אַז עס ווערן געזוכט פאַרשיידענע פאַך=לייט און געמלעך: מעכאַניקער, שלאָסער, טישלער, פליישער, פורמאַנעס און געהילפס=אַרבעטער. הויכער געהאַלט, גוטע פאַרפלעגונג און גוטע אונטערקונפט. מעלדן זיך אין אַרבעטס=אַמט ביים יידן=ראַט. די יידן האָבן נישט געהאַט קיין צוטרוי צו די דייטשן, מוחל געווען זייערע טובות און אַרבעט און קיינער האָט זיך נישט געמאָלדן. צוליב דעם וואָס קיינער האָט זיך נישט געוואָלט פרייוויליק שטעלן צו דער אַרבעט האָט קראָנענבערג באַוויזן וואָס ער קען. ער מיט זיינע מיטהעלפער האָבן געכאַפּט אַן ערך 150 יונגע יידן און הנם יעדער איינער פון זיי האָט דערקלערט, אַז ער איז נישט קיין פאַכמאַן, דאָך זיינען זיי אַוועקגעשיקט געוואָרן. עס האָבן קורסירט פאַרשיידענע ווערסיעס, אַז זיי זיינען אוועקגעשיקט געוואָרן אין אַ קאָנסערוון=פאַבריק אונטער קראָקע צו אַרבעטן און עס וועט זיי נאָגין גוט זיין. זיי וועלן אויסגעבילדעט ווערן אַלס פאַכלייט פאַר דער קריגס=אינדוסטרי און נאָך איין ווערסיע, אַז זיי זיינען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין דייטשלאַנד.

דער טרויעריקער און טראַגישער אמת איז געווען דער, אַז די הונדערט און פופציק אָטוואָצקער יידן זיינען אוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע, און איבער זיי איז דורכגעפירט געוואָרן דער ערשטער עקספּערימענט פון פאַרניכטונג. איבער זיי זיינען אויספּראָבירט געוואָרן די טייוול=מאַשינען פון דער דייטשישער טעכניק צו פאַרניכטן און אומצוברענגען די יידן פון אייראָפּע.

יעדע פּאָר טעג זיינען אָנגעקומען פאַרשיידענע טראַגישע ידיעות פון דער גאַנצער גענעראַל=גובערניע. וועגן די איבערזידלונגען פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך קיין וואַרשע, כאַפּן יידן צו אומזיסטע צוואַנגס=אַרבעט און דערביי ווערן זיי געשלאָגן, פאַרשיקונגען פון יידן אין פאַרשיידענע לאַגערן, יידן=פאַרשיקונגען אין

אומבאקאנטע ריכטונגען פון וואנען עס קומען נישט אָן קיין שום ידיעות, מאַסן=עפּידעמיעס אין וואַרשע פון „טיפוס“ (פיבער און בויך=טיפוס), ט. ב. צ. און פאַרשיידענע אַנדערע קראַנקייטן, מאַסן טויט=פאַלן פון עפּידעמיעס און פון הונגער. מענטשן זיינען געשטאָרבן אויף די גאסן פון הונגער און קעלט, ווי אויך וועגן אכזריותדיקן טעראָר פון די דייטשן. פאר יעדע קלענסטע איבערשרייטונג ווערט מען באשטראָפט מיט דערשיסן.

די זעלבע איינצלהייטן האָבן זיך אויך איבערגעטראָגן קיין אָטוואָצק. בכדי אויסצומיידן די אויסזידלונג קיין ווארשע, האָבן די דירעקטאָרן פון „זאָפּיוווקאַ“ און „בריאות“ אָנגעקניפּט פּראָטעקציע=באַציונגען מיטן שטאָטישן דייטשישן קאָמענדאַנט שליכט, מיטן קרייז=הויפּטמאַן ד״ר רופּרעכט און גובערנאַטאָר פישער. אין רעזולטאַט פון פארשיידענע גרעסערע מתנות פאר די אויסגערעכנטע האָט זיך אָטוואָצק איינגעבילדעט, אַז זי וועט בלייבן אומבארירט, און וועט ווערן אַן אינדוסטריעלער צענטער. עס איז געפלאַנט געוואָרן אויפצובויען א גרויסע נעץ פון שאָפּן. די יידן זאָלן אין זיי ארבעטן און באטראכט ווערן דורך דער דייטשישער מאכט אלס פּראָדוקטיווע מענטשן. צו דעם צוועק זיינען דורכגעפירט געוואָרן רעגיסטראַציעס פון אַלע פאכן. אויפן ערשטן פּלאַן איז געווען די גרינדונג פון א בארשטן=שאָפּ, ווייל אין אָטוואָצק איז דאמאָלסט געווען דער קעניג פון דער בארשטן=אינדוסטרי פון ווארשעווער געטאָ, וואָס האָט פּראָדוצירט אויסשליסלעך פאַרן דייטשישן מיליטער. ער אַליין מיטן נאָמען ווייסבלאט איז געווען א טארנאָווער ייד און צוליב זיינע לייסטונגען האָט ער גענאָסן פון אויסנאמסווייזע רעכטן און געהאט צו זיין דיספּאָזיציע א פּערזאָנען=אויטאָ. עס איז אַ פאַקט, אז ער האָט זייער פיל געלייסטעט פאר די יידישע אינסטיטוציעס אין אָטוואָצק, שפּענדנדיק פאַנטאַסטישע סומעס געלט. דורך אים זיינען אויך אָנגעקניפּט געוואָרן פארשיידענע באַציונגען מיט דער דייטשישער מאַכט. עס זיינען געפלאַנט געוואָרן פאָלגנדע שאָפּן: בערשטעריי, וועשעריי, שניידעריי, שוסטעריי, סטאָלעריי, זאָטלעריי און אַנדערע.

דאָס סאַנאַטאָריום „מרפא“ איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין א שפּיטאָל פאר אינפעקציע=קראַנקייטן אונטער דער אָנפירונג פון פרוי ד״ר שמושקעוויטש. די טיפוס=קראַנקייט האָט זיך אויך אין אָטוואָצק באַוויזן און בכדי אויסצומיידן א גרעסערע ערנסטע עפּידעמיע און נישט געבן קיין גרונד דער דייטשישער מאכט אויסצוזידלען אָטוואָצק איז דאָס שפּיטאָל אוועקגעשטעלט געוואָרן אויף דעם העכסטן ניוואָ, וואָס מען קען זיך פאָרשטעלן אין געטאָ=באַדינגונגען.

א דאנק דעם שפּיטאַל און דאָס אדורכפירן די צוואַנגס=איינשפּריצונגען קענען טיפוס האָט זיך די עפּידעמיע ווירקלעך איינגעשטילט. אויפן גרונט פון א פאַראָרדענונג פון דער דייטשישער מאַכט איז דאָס שפּיטאָל „זאָפּיוווקאַ“ געוואָרן דאָס איינציקע הייל=אנשטאלט פאר פּסיכיש= און נייסטיק=קראַנקע יידן אין דער גאנצער גענעראַל=גובערניע. אויך דאָס סאנאטאָריום „בריאות“ האָט געשפּילט אַזאַ ראָליע. פון אַלע פּוילישע שפּיטאָלן זיינען איבערגעשיקט געוואָרן די יידישע קראנקע קיין

אָטוואָצק. עס זייגען געווען אויך אָרעמע קראַנקע, וועלכע האָבן נישט געהאַט צו
צאָלן. מיט לעבנסמיטל איז געוואָרן וואָס אַמאָל ערגער און שווערער. די קראַנקע
האָבן אָנגעהויבן מאַסנוויז אויסצושטארבן פון הונגער. גאנצע פּאווילאָנען זיינען
ליידיק געוואָרן. די האָקטוירים זייגען געווען באשעפטיקט, אויסשליסלעך מיט אויס=
שרייבן טויט=שיינען. בכדי צו ראטעווען די טראגישע סיטואַציע, איז נעגריגדעט
געוואָרן א סאנאטאָריום אין שפּיטאָל: „זאָפּיוווקאַ“ פאר רייכע יידן. די איינקונפטן
זאָלן דינען פאר קויפן לעבנסמיטל פאַר די קראַנקע. דער עקספּערימענט האָט זיך
איינגעגעבן. אין פּאווילאָן נר. 2 פון שפּיטאָל „זאָפּיוווקאַ“ איז איינגעאָרדנט געוואָרן
א סאנאטאָריום. פון אַלע זייטן האָבן געשטראָמט פּאַציענטן פון די אויפגעקומענע
אַריסטאָקראַטיע, מערסטנטייל די, וועלכע האָבן געדינט פאַר דער „געסטאַפּאָ“
און אין די צייטן פונם גרויסן אומגליק דורך פארשיידענע פארביגדונגען מיט העכ=
ערע דייטשישע באַאַמטע געמאכט קאָלאָסאַלע געשעפטן, באַזיצנדיק פאנטאסטישע
סומעס געלט. אויפן גרונט פון אַן אָפּמאַך מיטן אינזש. טשערניאַקאָוו, פרעזעס פון
יידן=ראַט אין וואַרשע זייגען אַ קלייגע צאָל פּלעצער געווען רעזערווירט פאר לאנג=
יעריקע, פארדינסטפולע, גרויסע עסקנים פון ווארשע. צווישן די געסט, וואָס זיינען
געקומען דורך דעם יידן=ראַט אין וואַרשע, האָבן זיך געפונען פּראָפ. ד״ר באַלאַבאַן,
דער מחבר פון דער געשיכטע פון יידן און ליטעראַטור און אומצאָליקע היסטאָרישע
ארבעטן. אברהם אייגהאָרן, אייגער פון די הויפּט=רעדאַקטאָרן פון ציוניסטישן מאָג=
אָרגאַן „הייגט“, ד״ר מיכאל וויכערט, גימנאַזיאַל=פּראָפעסאָר און אייגער פון
די באַרימסטע רעזשיסערן פון דער יידישער וועלט, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן
לייטער פון „יוס“ (יידישע אונטערשטיצונגס=שטעלע) אין קראָקע אין אויפטראג
פון דער דייטשישער מאכט. קלארא סעגאלאָוויטש, איינע פון די גרעסטע יידישע
שוישפּילערין, און טעאטער=דירעקטאָריגס, גוידינג, גענעראַל=דירעקטאָר פון אמערי=
קאנישן „דזשוינט“ אין פּוילן און אנדערע. עס איז אויך געווען אין דינסט=אנגע=
לעגנהייטן פון יידן=ראט אין ווארשע, אין צוזאמענהאנג מיט דער גרינדונג פון
א קינדער=סאנאטאָריום פאר ט. ב. צ.=קראנקע פאר דער גענעראַל=גובערניע אין
אָטוואָצק, אדוו. פרידהיים, דער היינטיקער ערן=פּאָרזיצער פון פארבאנד פון פּוילישע
יידן אין דער אמעריקאנער זאָנע אין דייטשלאנד. א שטענדיקער גאסט אין סאנא=
טאָריום, מיט זיין גאנצער פאמיליע איז געווען דער „בארשטן קעניג“, דער טאר=
נאָווער ייד ווייסבלאט. די איינקונפטן פון דער סאנאטאָריום האָבן א ביסל פאר=
בעסערט די באדינגונגען פון די קראנקע אין שפּיטאָל.

דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צו נאָרמאַליזירן. עס האָט זיך נעגרינדעט אַ לי=
טעראַרישע גרופּע אונטער דער אנפירונג פון „צעגטאָס“ דירעקטאָר, פּעדאגאָג=
דערציער און באקאנטער קינדער=שרייבער קלמן ליס. עס זיינען פאָרגעקומען אזוי
גערופענע „דאָנערשטיק=אָווגטן“ פאָרלעזונגען איבער ליטעראטור, רעציטאציעס פון
נייע געשאפענע דיכטונגען, ווי אויך זיינען געזונגען געוואָרן יידישע לידער. עס
זיינען אויך פאָרגעקומען א גאנצע ריי קאָנצערטן אונטער דער אנפירונג פון אלבערט,

דערציער פֿון „צענטאָס". ער האָט געהאַט אַ ווונדערבאַרע לירישע-טענאָר שטימע און מיט אים האָבן מיטגעאַרבעט די צוויי ברידער מאַקס און זאַמי. זיי האָבן אָרגאַניזירט אַלגעמיינע קאָנצערטן פֿאַר דער יידישער באַפֿעלקערונג אין דער יידישער שפּראַך, זיי אויך קינדער-פֿאָרשטעלונגען. עס איז אויך געווען אַ טרופּע אָרגאַניזירט פֿון אַמאָליקע אַמאַטאָרן, וואָס האָבן געשפּילט גאַנצע פּיעסן. עס איז אויך געווען אַ טרופּע אונטער דער אָנפֿירונג (רעזשיסער און ליטעראַרישער) פֿון ק. בזשעסקי, אַ געשמדטער ייד, זון פֿון דעם אַמאָליקן אינטענדענט פֿון ווארשעווער יידישן שפּיטאָל. ער איז געווען אַ פּאַציענט פֿון דער „זאָפּיווקאַ" און געמענדיק זיך צו הילף סאַניטאַרנס פֿון שפּיטאָל אין דער ערשטער רייע ראָזאַ טיק, רעגינאַ און אַנדערע האָבן געשפּילט רעוויען אין דער פּוילישער שפּראַך. עס האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט קינדער אין די פֿאָרשטעלונגען מיט געזאַנגען און באַלעט-טענץ. איינע פֿון די קינסטלערינס פֿון באַלעט-טענץ איז געווען די 7 יאָריקע פֿינקעלשטיין, די טאָכטער פֿון אַ סאַניטאַרן פֿון „זאָפּיווקאַ". די פֿאָרשטעלונגען זיינען פֿאָרגעקומען: אין טעאַטער-זאַל פֿון יידן-ראַט, אין ערשטן פּאַווילאָן פֿון שפּיטאָל „זאָפּיווקאַ", סאַנאַטאָריום „בריאות" און אין „צענטאָס".

עס איז אויך פֿאָרגעקומען אַ רעפֿעראַט פֿון פּראָפֿעסאָר ד"ר מאיר באַלאַבאַן, אין מערץ 1942, אין דער פּוילישער שפּראַך, אויף דער טעמע: „יידן אין לויף פֿון דורות". דער רעפֿעראַט איז פֿאָרגעקומען אין סאַנאַטאָריום „זאָפּיווקאַ" אין 2טן פּאַווילאָן און איז געווען ווי אַ סך-הכּל פֿון דער טראַגעדיע פֿונם יידישן פֿאָלק.

ווינטער 1941/42 איז ביי די יידן צוגענומען געוואָרן אַלע פֿוטערס (פּעלצן) אונטער דער דראָונג פֿון טויט-שטראָף. אַ מערקווירדיקע דערשיינונג איז געווען, וואָס איינע, אַ דאַמע פֿון סאַנאַטאָריום „זאָפּיווקאַ" האָט געטראָגן איר פֿוטער-מאַנטל און נישט געטראָגן קיין מגן-דוד אָפּצייכענונג אויף דער רעכטער האַנט און אויך פֿריי זיך געקענט באַוועגן אין דער אַרישער געגנט. זי האָט געוווינט אין וואַרשע אינם וווינגעביט פֿון די דייטשן. דער פֿאַקט איז שנעל באַקאַנט געוואָרן און ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט זי געשטאַמט פֿון אַ באַנקירישע פֿאַמיליע, וואָס זייער באַנקהויז אין איטאַליע האָט פֿינאַנסירט מוסאָלינים „מאַרש אויף רוים" און דערפֿאַר איז זי נאָכן דערווייזן די פֿאַקטן פּריוויליגירט געוואָרן דורך דער דייטשישער מאַכט. אין אָטוואָצק האָט אויך געוווינט די מוטער פֿון יידיש-פּוילישן דיכטער יוליאַן טוווים. דער באַקאַנטער יידישער אינדוסטריעלער און געזעלשאַפֿטלעכער טוער זילבער פֿון לובלין, וואָס איז באַקאַנט געווען אין דער וועלט פֿון זיינע פּסח'דיקע און אַנדערע געשמאַקע יום-טובדיקע געטראַנקען, האָט אין דער קריגס-צייט געוווינט מיט זיין פֿאַמיליע אין אָטוואָצק.

אַלס אַלטער געזעלשאַפֿטלעכער טוער האָט ער אין אָטוואָצק זיך געווידמעט פֿאַר דעם יתומים-הויז, אָנפֿירנדיק פֿערזענלעך מיטן אַנשטאַלט, שפּענדנדיק גרויסע סומעס געלט. דאָרט האָט ער זיך אָנגעשטעקט מיט טיפֿוס-באַצילן, קראַנק געוואָרן און אויף אַ נאַטירלעכן אופֿן געשטאָרבן.

אין דער זעלבער צייט האָבן מיטגלידער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע צעשטערט און געשענדעט די נאַצי=פאָן, וואָס איז געהאָנגען אויפן הויז פון דייטשישן קאָמענדאנט שליבט. צוליב דעם איז ארויפגעלייגט געוואָרן א קאָנטריבוציע אויף די יידן אין דער הויך פון 20.000 זלאָטעס. און אויף די פוילישע באפעלקערונג 10.000 זלאָטעס, צעשטערטביידע יידישע סינאגאָגעס און דעם דענקמאָל פון דעם פוילישן נאציאָנאלן העלד טאַדעוש קאָשטשושקאָ אויסגעזעצט מיט דינאמיט אין דער לופט. דאָס געטאָ אין אָטוואָצק איז געווען אן אייגנארטיקער, ווייל עס האָט זיך איינגעטיילט אין דריי אָפּגעשלאָסענע טיילן. דער ערשטער איז באשטאנען פון באזאר און שטעטעלע ביז דער גורנא=גאס ביים באן=פלאנט. דער צווייטער פון דעם באן=פלאנט ביז צו דער זשעראָמסקיעגאָ=גאס דער אזוי גערופענער מיטעלער, דאָרט איז געווען דער יידן=ראט, פאָליציי און א פאָר צענדליק ווין=ווילעס. דער דריטער, דאָס איז געווען דער קור=געביט, ווו עס זיינען געווען די יידישע אינסטיטוציעס: „זאָפּיוווקאַ“, „בריאות“ און „צענטאָס“.

אין געטאָ זיינען אויך געווען פאָלקס=שולן און פאָר=שולן פאַר קינדער, אָרגאַניזירט דורך „טאַז“ אונטער דער אנפירונג פון יידן=ראט. עס איז אויך געווען א חדר, ווו מען האָט געלערנט מיט יידישע יינגלעך רעליגיעזע אונטעריכט. דער חדר איז געווען אין יחיאל=מאיר זאָלבערגס פענסיאָנאט אויף שפּיטאַלנא 11. עס האָבן אויך עלטערע יידן יעדן אָוונט געלערנט א שיעור פון תלמוד און רעליגיעזע יידישע בחורים האָבן געמיינזאם געלערנט יעדן=טאָג א „דף=יומי“.

אין אַפּריל 1942 האָבן זיך באַוויזן פלאַקאַטן אינם געטאָ, אַז דער קרייז=הויפּטמאַן ד"ר רופּרעכט פארלאנגט פון דעם פרעזעס פון יידן=ראט שמעון גורעוויטש 400 יידישע געזונטע מענער צו ערד=ארבעט אין ווארשעווער קרייז. פאר אויספירן די פאראָרדענונג ביז צו דעם באשטימטן טערמין איז פאראנטוואָרטלעך די גאנצע יידישע באפעלקערונג. די פאראַרדענונג האָט ארויסגערופן א גרויס צערודערונג אין אָטוואָצק. פרייוויליק האָט קיינער נישט געוואָלט גיין, און די קאָנסעקווענצן האָבן געקענט זיין גאנץ טראגישע און נעמליך: קאָנפיסקירן דאָס יידישע פאַרמעגן, איבערזידלען די יידישע באַפעלקערונג קיין ווארשע און די יידישע אינסטיטוציעס וואָלטן ליקווידירט געוואָרן. די דירעקטאָרן פון די יידישע אינסטיטוציעס זיינען זיך צונויפגעקומען אויף א קאָנפערענץ, אין וועלכע עס האָבן אנטייל גענומען: פרעזעס שמעון גורעוויטש, דירעקטאָר פון „זאָפּיוווקא“, ד"ר סטעפאן מילער, דירעקטאָר פון „בריאות“, ד"ר לעווי, דירעקטאָר פון „צענטאָס“. קלמן ליס, דירעקטאָר פון „מרפא“, פרוי ד"ר שמושקעוויטש, אַ גרעסערע צאָל ראַטמענער און פראָמינענטע פערזענלעכקייטן פון דער שטאָט. די לאגע איז געווען זייער אן ערנסטע. די דיסקוסיע א לעבהאפטע און דאָס איז אויך געווען דערפאר, ווייל א גרעסערע צאָל געסט פון סאנאטאָריום „זאָפּיוווקא“ זיינען אוועקגעפאָרן אויס מורא פאר אן אויסזידלונג. דער רעזולטאַט איז געווען, אז דאָס צושטעלן די 400 מענער איז איבערגעגעבן געוואָרן קראָנענבערגן. ער האָט שוין די זאַך ערלעדיקט, דערביי געמאַכט

נוטע געשעפטן פון מענטשן, וואָס האָבן זיך אויסגעקויפט. די סומעס פון אויסקויפן זיך איז געשטיגן פון שעה צו שעה, אזוי ווי אויף א וועלט=בערזע. צו דער באַשטימטער צייט זיינען אונטער דער אנפירונג פון קראָנענבערגן און יידישע פּאָליציאַנטן ארויסגעפירט געוואָרן פון אָטוואָצקער געטאָ צום מאַרק=פּלאַץ 400 יידישע מענער. אין אן אויטאָ איז געקומען דער קרייז=הויפטמאן רופּרעכט מיט זיינע לייט, אוניפאָרמירטע אין שווארצע מונדירן מיט לאַנגע בייטשן אין די הענט. זיי האָבן אדורכגעפירט אן אַפּעל און דערביי מכבד געווען די יידן מיט קלעפּ. די יידן זיינען דאן אוועקגעפירט געוואָרן קיין קאַרטשעוו אין דעם לאַגער פון דער וואסער=ווירטשאפטס=אינספּעקציע.

די אנגעקומענע 400 יידן אין לאַגער קאַרטשעוו האָבן אנגעטראָפן ליידיקע האָלץ=באראקן. עס איז נישט געווען קיין שטרוי אויף וואָס זיך אויסצוליייגן, עס איז אויך נישט געווען קיין קיך ווו צו קאָכן און אויך נישט קיין לעבנסמיטל. צוליב דעם איז געווען א נויטווענדיקייט אויפצופאָדערן דעם יידן=ראט אין אָטוואָצק ער זאָל זען עפּעס צו טאָן. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן דורך די לאַגעריסטן א לאַגער=אנפירונג אין באשטאנד פון וועלוול קאָלקאָוויטש אלס לאַגער=אנפירער און מענדל אש אלס ווירטשאפטס=לייטער. דאָס ערשטע איז אויפגעשטעלט געוואָרן א קיך צום קאָכן אין באראק נר. 2 און עס איז געמאכט געוואָרן באמיונגען צו באקומען שטרוי. דערווייל זיינען די לאַגעריסטן די ערשטע עטלעכע נעכט געלעגן אין אנגעטועכץ אויף די הארטע הילצערנע נארעס, ביז דאָס שטרוי איז אנגעקומען.

די וווינונגס און היגיענישע באדינגונגען זיינען געווען אין לאַגער זייער שלעכטע. ליידיקע הילצערנע באראקן, אין וועלכע עס זיינען געווען הילצערנע פּריטשעס אין דריי שטופן. ביינאכט, ווען עס האָט גערעגנט, איז דער דאך פייכט געוואָרן, און אלע זיינען נאס געוואָרן. דער אבאָרט איז געווען א אומקאנאליזירטער און פּראָוויזאָריש צוגייפגעשטעלט. געוואשן האָט מען זיך ביי א פּאָמפּע, און דאָס וואסער האָט געטריפט דורך א פּראָוויזאָריש צונויפגעשטעלטע קאָריטע. מידע און צעבראָכענע פון דורכליגן א גאנצע נאכט אויף די הארטע ברעטער, האָבן די לאַגעריסטן נישט געהאט די מעגלעכקייט זיך צו וואשן. די ארבעט איז געווען זייער א שווערע, גראָבן די ערד, שטייענדיק אין וואסער און איז באשטאנען אין אַנטוואַסערן די פעלדער. צו דעם צוועק האָט מען געגראָבן צו פיר מעטער טיפע ראָוועס, וואָס האָבן רעגולירט דעם וואסער=לויף. די אנפירונג ביי דער ארבעט: אינזשיניערן, טעכניקער און סתם אויפזעער זיינען געווען פּאָלאקן. די לאַגער=אנפירונג איז געווען אין יידישע הענט. די אדמיניסטראציע, פּאָליציי, אמבולאטאָריום איז געווען באזעצט אויסשליסלעך דורך יידן. די לאַגעריסטן זיינען געווען איינגעטיילט אין גרופּן צו 30 פּערזאָן. דער אנפירער פון דער גרופּע האָט געהייסן גרופּנפירער און זיין אויפגאבע איז געווען צונויפצורופן זיין גרופּע צום אַפּעל, פארטיילן דאָס עסן, פירן די גרופּע צו דער ארבעט און צוריק אין לאַגער, ווי אויך איבערוואכן ביי דער ארבעט. די פארפּלעגונג איז באשטאנען פון 20 דעקא ברויט א טאָג און א מיטאָג. ביי אזא

פאַרפלעגונג איז אוממעגלעך געווען אויסצופירן די אַרויפגעלייגטע אַקאָרד=אַרבעטן. דער לאַגער=אַנפירער וועלוול קאַלקאָוויטש, האָט געפירט אַ קאַמף מיט דעם יידן=ראַט, ער זאָל מאַטעריעל מיטהעלפן דעם לאַגער. עס איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט וועלוול קאַלקאָוויטש מצד דעם לאַגער און פון יידן=ראַט דער פּרעזעס שמעון גוּרעוויטש. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער יידן=ראַט האָט זיך פאַרפליכטעט אונטערצושטיצן דעם לאַגער מיט 25 דעקאַ ברויט טעגלעך פאַר יעדן לאַגעריסט און יעדן טאָג זאָל פאָרן אַ וואָגן פון אָטוואָצק אין לאַגער, מיט וועלכן די פאַמיליעס פון די לאַגעריסטן זאָלן קענען מיטשיקן מיטאָגן. די לאַגעריסטן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט יעדן שבת צו גיין אין געטאָ און זונטיק פאַרנאַכט ווידער צוריק צו גיין אין לאַגער. דאָס גיין פון לאַגער אין געטאָ און דאָס צוריקגיין איז פאָרגעקומען אין געשלאָסענע רייען צו פיר פּערזאָן.

מיטן צושטעלן די 400 מענער האָט די שטאָט אָטוואָצק זיך באַטראַכט אַלס זיכער און עס וועט נאָרגישט פּאַסירן. דאָס לעבן האָט זיך אָנגעהויבן צוריק צו נאָרמאַליזירן אין דער שטאָט. די געסט זיינען צוריק געקומען אין דער „זאַפּיוווקאַ" און מען האָט געהאָפט, אַז דער דייטשער צוזאַמענברוך וועט דאָך קומען, הגם זיי האָבן געהאַט גרויסע סוקצעסן אויפן מזרח=פראָנט. די באַדינגונגען אין לאַגער קאַרמשעוו זיינען געווען שווערע. אין אַ קורצע צייט זיינען אַלע אַרומגעגאַנגען אָפּגעריסן מיט צעריסענע קליידער און שיך. פיל זיינען קראַנק געוואָרן און אַ גרעסערע צאָל האָבן באַקומען קרעץ (שוויעזשבעס און טשיראַקעס) די קראַנקע לאַגעריסטן זיינען געטוישט געוואָרן אויף אַנדערע, וואָס זיינען געכאַפּט געוואָרן דורך דער געטאָ=פּאָליציי אין אָטוואָצק. דאָס כאַפּן יונגע מענער אין געטאָ איז געווען דעריבער אַ טאָגטעגלעכע דערשיינונג. אַ גרויסע פּלאָג איז געווען אין לאַגער, די מאַסן=דערשיינונג פון לייז. דאָס האָט געגעבן אַ גרונט זיך צו שרעקן פאַר אַ טיפוס=עפּידעמיע, וועלכע איז ווירקלעך שפּעטער אויסגעבראָכן. יעדער לאַגעריסט, וואָס האָט נאָר באַקומען העכערע טעמפּעראַטור, האָט געקענט זיכער זיין, אַז ער איז קראַנק אויף טיפוס. דאָס אויסבאַהאַלטן די דערשיינונג פאַר דער דייטשישער מאַכט האָט זיך אין לאַגער פּראַקטיצירט, אַז אַזאַ קראַנקער איז מיט אַ דיאַגנאָזע, אַז ער איז פאַרקילט מיט טעמפּעראַטור און ער ווערט איבערגעשיקט אויף אָבסערוואַציע אין שפּיטאָל „מרפא"

די ערשטע פּאָר מאָנאַטן האָבן די לאַגעריסטן געהאַט די מעגלעכקייט צו גיין אין געטאָ איבערצוטוען אַנדערע וועש און זיך אָנשטענדיק אָפּוואַשן, אָדער נאָר אין באָד=אַנשטאַלט פון יידן=ראַט זיך צו באָדן און דעזינפעקצירן די קליידער.

די ערשטע אויפטרייסלנדע דערשיינונג אין דעם לאַגער איז געווען דער באַזוך פון ליפּשער. ער איז געווען דער שעף פון דער זשאַנדאַמעריע פון דעם וואַרשעווער קרייז. ער איז באַקאַנט געווען אונטער די נעמען: „דער געלער לייבל", „דער בלוטיקער הונט". עס איז נישט געווען קיין פאַל, ווען ער זאָל ערגעץ=ווו קומען אויף אַן אינספּעקציע, ער זאָל נישט וועמען דערשיסן.

ער איז איינמאָל געקומען אין אַ תפיסה און האָט נישט געהאַט קיין גרונט

װעמען צו דערשיסן, האָט ער געזוכט און געזוכט און געפֿונען אַ שטרײַכהעלצל אויפֿן פּוסבאָדן, דאָס איז געװען פֿאַר אים אַ גרונט, אַז ער זאָל אַרויסנעמען דעם ערשטן פֿון אַ צעלע און דערשיסן.

אין אַ שײַנעם װאַרעמען יוני-טאָג איז ער געקומען אין דעם לאַגער קאַרטשעװ באַזוכן די אָטװאָצקער. ער איז געקומען אַ פּאָר מינוטן פֿאַר 5 אַזייגער, פֿאַר דעם אָנקומען פֿון די ייִדישע אַרבעטס-גרופּן, װאָס האָבן זיך צוריקגעקערט פֿון דער שװערער אַרבעט. צו ערשט האָט ער באַזוכט אַלע באַראַקן. געפֿירט אַ געשפּרעך מיטן לאַגער-אָנפֿירער קאַלקאָװיטש װעלװל. מען האָט געמײנט, אַז ער איז פֿול-שטענדיק צופֿרידן און, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. װען די מאַרשירנדע גרופּן זײַנען אָנגעקומען האָט ער אײַנגעהאַלטן אַלע אויף דעם אַפּעל-פּלאַץ, אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר און אויסגערופֿן דעם נאָמען יאַנקל  ה א נ ד ק א ן. יאַנקל האַנדקאַן, פֿון פֿאַך אַ פֿריזירער, האָט געהאַט פֿאַר דער קריג אַ פֿריזיר-אַנשטאַלט אין קאַרטשעװ. צוליב דעם, װאָס די ייִדן זײַנען אויסגעזידלט געװאָרן פֿון קאַרטשעװ איז ער גע-קומען קײן אָטװאָצק. ער האָט געהאַט אַ פֿרוי מיט 3 קינדער און, װעלנדיק זײ מפֿרנס זײַן, זײ זאָלן נישט שטאַרבן פֿון הונגער, האָט ער זיך יעדן אָװנט אומ-באַמערקבאַר אַדורכגעקאָלערט דורך די שטעכעדיקע דראָטן און געגאַנגען צו זײַנע אַמאָליקע קליענטן, זײ ראַזירט און געשױרן און אויף אַן ערלעכן, געװיסנהאַפֿטן אופֿן פֿאַרדינט אַ פּאָר זלאָטעס פֿאַר זײַן פֿרוי און קינדער. די פּױלישע (נאַציאָנאַלע) פֿריזירער האָבן אָנגעשריבן אַ מסירה צום זשאַנדאַמעריע-שעף װעגן דער אָנגעלעגנ-הײט און דערבײַ אָנגעגעבן, אַז האַנדקאַן איז אַ קאָמוניסט. ליפּשער איז געשטאַנען אין דער מיט פֿון אַפּעל-פּלאַץ, געבן אים האַנדקאַן, און אַרום זײַנען געװען אויס-געשטעלט אַלע לאַגעריסטן. דער סאַדיסט ליפּשער האָט האַנדקאַנען געהײסן זיך אומלײגן מיט דעם קאָפּ צו דער ערד. ער האָט אַרויסגענומען דעם רעװאָלװער פֿון טאַש און געשאָסן אין זײַן מוח. ער האָט דאַן צוריקגעשטעקט דעם רעװאָלװער אין טאַש, אַרויסגענומען אַ ציגאַרעטע, פֿאַרױכערט, עטלעכע מאָל געראויכערט, דאַן װידער אַרויסגענומען דעם רעװאָלװער און צװײ מאָל געשאָסן צו האַנדקאַנען אין דער לינקער און אין דער רעכטער זײַט פֿון די לונגען. האַנדקאַן איז געבליבן ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט אָן שום באַװעגונג. ליפּשער, דער בלוטיקער הונט האָט דאַן דער-קלערט, אַז האַנדקאַן האָט געזאָגט אין אַ פּױלישער שטוב, אַז „עס בלאָזן נײַע װינטן, װעלכע יעלן אין קורצן צו אונדז דערגרײכן, די אָקופּאַנטן װעלן באַקומען זײער באַצאָלונג, אָבער אויך זײערע דינער, די פּױלישע פּאָליצײַ װעלן הענגען אויף די בײמער". ליפּשער האָט דערקלערט, אַז אויב ס'װעלן אָנקומען נײַע װינטן, װעט ער דעם גאַנצן לאַגער דערשיסן. ער האָט אויפֿגעפּאָדערט דעם לאַגער-אָנפֿירער װעלװל קאַלקאָװיטש, ער זאָל איבערזעצן די װערטער אין דער פּױלישער שפּראַך. דער אָנ-װעזנדער פּױלישער פּאָליציאַנט האָט געדאַרפֿט באַשטעטיקן די ריכטיקייט פֿון דער איבערזעצונג. ליפּשער האָט פֿאַראָרדנט, אַז אַלע לאַגעריסטן, זאָלן אַדורכמאַרשירן דורך דעם אָרט, װוּ עס ליגט יאַנקל האַנדקאַן און װער עס װעט זיך נאָר מיט

עפּעס פאַרזינדיקן האָט דעם זעלבן גורל צו דערוואַרטן. די זשאַנדאַרן, ליפּשערס געהילפן, מיט בייטשן אין די הענט האָבן זיך געוואַרפן מערדערלעך אויף די לאגעריסטן צום שלאָגן אומטער אויסרייד, אַז דער אָדער יענער לאַגעריסט האָט נישט געקוקט אויף האַנדקאַנען. דער אָנוועזנדער קאָמיסאַר פון דער פּוילישער פּאָליציי, קאָסאָווסקי, וואָס איז געווען אין דינסט פון דער נאַצי־מאַכט, האָט אויך באַוויזן, וואָס ערקען, שלאָגנדיק מיט אַ בייטש יעדן איינעם. אויפן באַפעל פון ליפּשער איז פאָרגעקומען די באַערדיקונג. עטלעכע מעטער פון דעם מאַגאַזין־באַראַק איז אויסגעגראָבן געוואָרן אַ גרוב, און האַנדקאַן איז דאָרט באַערדיקט געוואָרן.

נאָכן אַוועקפאָרן פון ליפּשער, זשאַנדאַרן און פּאָליציי האָט זיך אָפּגעשפּילט אַן עפּילאָג אין לאַגער. דאָס איז געווען די ערשטע עקזעקוציע, ביי וועלכע עס זיינען אַנוועזנד געווען די אָטוואָצקער לאַגעריסטן. דער איינדרוק איז געווען אַ דערשייטערנדער. צענדליקער יינגעלייט זיינען געפאַלן אין חלשות. עס זיינען געווען פאַלן פון עפּילעפּסיע. און איינער איז געווען, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַן עפּילעפּטישן צושטאַנד, וואָס האָט געדויערט 36 שעה. דאָס איז אַ זעלטענער פאַל, וואָס פּאַסירט אין דער מעדיצינישער וועלט. אַ קאָנפערענץ פון פּסיכיאַטרן אין „זאָפּיוווקאַ" האָט דערקלערט, אַז דאָס איז אַן עפּילעפּטישער שלאָף. לאַנג איז דאָס בילד פון דער עקזעקוציע געשטאַנען פאַר אַלעמענס אויגן.

עס זיינען געקומען טעג און נעכט מיט גרויזאַמקייטן, ענלעכע צום נעכטן און צום מאָרגן. דאָס דייטשישע מיליטער האָט טריומפירט און געהאַט סוקצעסן אויפן מזרח־פראָנט. אַלע האָפענונגען און שטרעבונגען זיינען צערונען געוואָרן. דער האָריזאָנט האָט זיך אַרומגעהילט אין אַ שוואַרצקייט און נאָך שוואַרצער און פינצטערער איז געוואָרן דאָס יידישע לעבן. אין אָטוואָצקער געטאָ איז דאָס לעבן פון די יידן געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער און שווערער. טויט־פאַלן פון הונגער איז געווען אַן אָפּטע דערשיינונג. גאַנצע משפחות זיינען אויסגעשטאָרבן פון הונגער. זייער אָפט האָט פּאַסירט, אַז אין איין שטוב זיינען געווען צוויי מתים, אין איין טאָג. די הונגער־ליידנדע האָבן גערעדט וועגן טויט, ווי וועגן אַ דערלייזונג. ביטער איז געווען דאָס לעבן, אָבער נאָך שווערער איז אָנגעקומען דער טויט. צו ערשט זיינען די הונגער־ליידנדע שרעקלעך אויסגעדאַרט געוואָרן, דערנאָך געשוואָלן געוואָרן ביז דאָס בלוט האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אייטער, און נאָך לאַנגע פיינלעכע מאַטערנישן איז דער קרבן אויסגעלייזט געוואָרן דורכן טויט.

די יידישע באַפעלקערונג אין אָטוואָצק, וואָס האָט זיך שטענדיק דערנערט פון באַדינען קור־געסט איז געבליבן פולשטענדיק אָן פּרנסה.

די איינוווינער האָבן געלעבט פון פאַרקויפן זייערע זאַכן צו פּאָלאַקן, וואָס האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט, צאָלנדיק נישטיקע פּרייזן, דאַקעגן די פּרייזן פון לעבנסמיטל זיינען געשטיגן פון טאָג צו טאָג צו פאַנטאַסטישע סומעס.

די, וואָס האָבן נישט געהאַט וואָס צו פאַרקויפן, האָבן ריזיקירט מיטן לעבן, דורך פירן לעבנסמיטל קיין וואַרשע אין געטאָ. מיט דעם האַנדל האָבן זיך מערסטנ-

טייל באשעפטיקט קינדער 10—12 יעריקע, זיי האָבן געפירט עטלעכע קילאָ פלייש קיין ווארשע, זיך ארייננגעגנבעט דורך לעכער פון די געטאָ־מויערן און אזוי ארום האָבן זיך מפרנס געווען גאנצע פאמיליעס.

אין חודש יולי 1942 האָט פּאַסירט פאָלגנדער פאַקט. דער אינספּעקטאָר פונם לאגער פראנק איז געקומען און געברענגט א בריוו, וואָס איז געשיקט געוואָרן צום קרייז־הויפּטמאן רופּרעכט.

אין דעם בריוו איז געווען געשריבן, אז דער לאגער אנפירער וועלוול קאָלקאָוויטש קויפט איבער די אינזשינירן און די פּוילישע פּאָליציי מיט געלט און לעבנסמיטל, דערפאר ארבעטן גאָרנישט די לאגעריסטן.

דאָס האָט געקענט דערפירן צו אן אומגליק דעם גאנצן לאגער, אז אלע זאָלן דערשאָסן ווערן פאר סאבאָטאזש.

וועלוול קאָלקאָוויטש האָט איבערגעקויפט דעם אינספּעקטאָר פראנק און דערמיט איז די זאך פארטושט געוואָרן.

מען האָט אָבער געוואָלט געוויער ווערן, ווער עס האָט געשריבן דעם בריוו. דער בריוו איז געווען געשריבן אויף א שמוציק שטיקל פּאפּיר און אויף דער צע־קנייטשטער קאָפּערטע איז געווען דער שטעמפּל פון אָטוואָצקער פּאָסט־אמט. נאָך עטלעכע טעג פאָרשן איז מען געוויער געוואָרן, אז דאָס איז געווען די ארבעט פון ווייצמאן פון יעזשאַרנע, וועלכן די דייטשישע מאכט האָט אים געברענגט אלס לייטער פון ארבעטס־אמט ביים יידן־ראט אין אָטוואַצק.

די פּוילישע פּאָליציי, וואָס האָט איבערוואכט דעם לאגער האָט אנגעהויבן צו פיל זיך ארייננצומישן אין די אינערלעכע אנגעלעגנהייטן. זיי פלעגן אויפוועקן די לאגעריסטן ביינאכט און מאכן אפּעלן. דער פּוילישער פּאָליציאנט גורסקי פלעגט זיך אויסבאהאלטן ביים לאגער מיט אן אנגעלאָדענער ביקס און געזוכט קרבנות. ער האָט געוואָלט דערשיסן יעדן איינעם, וואָס וועט זיך דערנענטערן צו די דראָטן אונטער דעם פּרעטעקסט פון וועלן אנטלויפן. גורסקי איז געוואַרן צו געפערלעך פארן לאגער, דעריבער האָט קאָלקאָוויטש געמאכט באמיונגען ביים אינספּעקטאָר פראנק און די פּוילישע וואך איז אין לאגער אָפּגעשאפט געוואָרן.

אין געטאָ אָטוואָצק האָבן זיך אנגעהויבן צו פארשפּרייטן קלאנגען און ווער־סיעס. אין וועלכע קיינער האָט נישט געוואָלט גלויבן אוז דאָך האָט מען איבער זיי אלץ אָפטער און אָפטער גערעדט, וועגן מאסן־טראנספּאָרטן פון יינגע מענטשן צום אַסטן, צו ארבעט און פון אוועקשיקונגען פון מאסן יידן, פון וואנעט מען באקומט נישט קיין שום ידיעה, און ווער ווייסט, אויב זיי וועלן צוריקקומען.

די ידיעה, אז אינזשיניער טשערניאקאָוו, דער פּרעזעס פון יידן־ראט אין ווארשע, פון דעם גרעסטן געטאָ, אין וועלכן עס האָבן געלעבט ביי 600 טויזנט יידן, די קאָמפּעטענטסטע פּערזאָן פון אלעם, וואָס געשעט אינם יידישן לעבן, איז באגאנגען זעלבסטמאָרד, האָט אלעמען דערשיטערט. פון די יידישע פּנימער האָט מען געקענט אראָפּלייזן פארביטערונג, אנטוישונג און פארצווייפלונג. א טאָג שפּעטער, נאָכן

זעלבסטמאָרד פון אינזשיניער טשערניאקאָוו האָט זיך אנגעהויבן די טראַגעדיע פון יידישן ווארשע. אָטוואָצק איז געווען מיט טויזנטער פעדעם פארבונדן מיט ווארשע, און אַלע אָטוואָצקער אינסטיטוציעס האָבן דאָרט געהאַט זייערע עקספּאָזיטורן (ביוראָען). די דירעקטאָרן אָדער זייערע פארטרעטער זיינען געזעסן טאָג און נאכט ביי די טעלעפאָנען און געווארט, פון זייערע ווארשעווער פארטרעטער, צו הערן די לעצטע ידיעות. די טעלעפאָנישע נאכריכטן זיינען אין אנהויב געווען ווי אומפארשטענדלעך און נעמלעך, די אָדער יענע גאס איז געוואָרן בלאָקירט, פון די דעכער אויף סמאָטשא און נאָוואָליפּקי שיסט מען מיט מאשין־געווער, אַקציע אויף קינדער, אַקציע אויף זקנים, מען פירט צום „אומשלאג־פּלאַץ", מען פירט אוועק אין בהמות־וואגאָנען די יידן, און אין א פּאָר שעה ארום קומען די וואגאָנען ליידיקע צוריק. די ידיעות האָבן זיך אין א פארטרויערלעכער פאָרם שנעל פאנאנדערגעשפּרייט, צווישן דער גאנצער באפעלקערונג. פון די דירעקטאָרן צו זייערע פארטרעטער, פון די פארטרעטער צו די העכערע פּערסאָנאַלן דאן צו די טעכנישע פּערסאָנאַלן, און פון מויל צו מויל ביז דער גאנצער געטאָ אָטוואָצק איז ווי עלעקטריזירט געוואָרן פון די ידיעות.

די 400 שווער־ארבעטנדיקע יידן אין לאגער קארטשעוו האָבן נישט געקענט איינרוען אין אנבליק פון דער אנקומענדע גרויסע טראַגעדיע. דער פירער איבער דעם לאגער, דער לייטער פון דער וואסער־ווירטשאפטס־אינספּעקציע, פראנק, דער פלימעניק פון גענעראל־גובערנאטאָר איז געקומען אין לאגער און האָט פארזיכערט. אז די לאגעריסטן מיט זייערע פאמיליעס וועט גאָרנישט פּאסירן. די פאמיליעס פון די לאגעריסטן זאָלן רעגיסטרירט ווערן, און אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג. עס איז אדורכגעפירט געוואָרן א רעגיסטראַציע אין לאגער. יעדער איינער האָט אויפגעגעבן צו 6 ביז 8 פּערזאָן, מיינענדיק דערמיט צו ראטעווען זיינע נאָענטסטע פאמיליע־מיטגלידער.

אין געטאָ איז געווען א פיבערהאפטע פאָרבערייטונג פון איינאָרדענען שאָפּן. די יידישע פּאָליציי איז ארומגעלאָפן איבער די וווינונגען, רעקווירירט און צוגענומען באַליעס און פארשיידענע וואש־געריטן פאר א וועשעריי, ניי־מאשינען פאר שניידעריי א. א. וו. אין דעם יידן־ראט האָט מען אויפסניי רעגיסטרירט לויט פארשיידענע פאכן, דערביי האָט מען זיך באנוצט מיט גרויסע פּראָטעקציעס און געצאָלט זאָגאר קאָלאָסאַלע סומעס. א גרויסע בארואיקונג האָט ארויסגערופן דער פאקט פון אנקומען א וואגאָן וועש צו וואשן. די יידישע פירמע אש האָט באקומען אן אויפטראג אדורכצופירן האָלץ־בוי ארבעטן. עס האָט זיך אויסגעדוכט, אז א העלער שיין האָט אויפגעלויכטן אויף די פארחושכטע פנימער פון די יידן אין אָטוואָצקער געטאָ.

אומגעריכט האָט ווי א דונער געטראָפן די ידיעה דעם 18 אויגוסט 1942, אז בראנדט, דער פירער פון די מאָרד־באנדעס, וואָס פירט אדורך די אויסזידלונג אין ווארשע איז געקומען מיט א באנדע אוקראַינער קיין אָטוואָצק. זיי זיינען צוגעפאָרן צו דעם יידן־ראט אויף דער ווארשעווסקע 5, גענומען דעם פּלאן פון דעם געטאָ, א פאטש געגעבן אין געזיכט דעם פּרעזעס פון יידן־ראט שמעון גורעוויטש און

# פּלאַן

### פון

# קאַרטשעווער לאַגער




Richtung ·Otwock·




Elektr. Mühle

# · Ghetto in Otwock ·







## GHETTO Nr. 1

1) SAMMELPUNKT VOR AUSSIEDLUNG
2) BAZAR
3) MIKWE
4) MARPE
5) SAMMELPUNKT DER 400 PERSONEN ZUM LAGER „KARCZEW"

## GHETTO Nr. 2

1) VILLA „KELLNER"
2) MASSENGRAB
3) SANATORIUM Dr. PRZYGODA „JUDENRAT"
4) JÜDISCHE POLIZEI
5) T.O.Z.

## GHETTO Nr. 3

1) ZERSTÖRTE SYNAGOGE
2) SANATORIUM BRYUS
3) ZENTOS
4) „SOFIÓWKA" 1 PAVILLON

אים געגעבן דעמיסיע, באשטימענדיק דעם טרויעריק=באקאנטן העלד, קאָמענדאנט פון דער יידישער פּאָליציי, בערנארד קראָנענבערג, אלס קאָמענדאנט פון געטאָ. עס איז גלייך באקאנט געוואָרן צווישן דער באפעלקערונג, אז צומאָרגנס אין דער פרי, דעם 19 סעפטעמבער 1942, איז אן אפּעל פון דער גאנצער פּוילישער פּאָליציי און אן אפּעל פון דער יידישער פּאָליציי אין געטאָ. מען האָט געפילט אז דער באָדן ברענט אונטער די פיס. מען האָט אנגעהויבן צו פארשפּרייטן פארשיידענע פּאָגראָם=קלאנגען. אן ערנסטער כאראקטער האָט אנגענומען די ווערסיע, אז דער קור=געביט און דער מיטעלער געטאָ וועלן ווערן איבערגעזידלט אין דעם ערשטן געטאָ אין דעם שטעטעלע. די אָטוואָצקער יידן האָבן די נאכט נישט געשלאָפן. פון מיטעלן געטאָ און פון קור=געביט האָט מען געהאלטן אין איין פּאקן פּעקלעך און איבערטראָגן אין דעם שטעטעלע. אין שטעטעלע האָט מען געמאכט פארשיידענע באהעלטענישן צו קענען זיך באהאלטן אין צייט פון געפאר.

עס איז געקומען דער טראגישער טאָג, דער 19 סעפּטעמבער 1942, די זון האָט געשיינט, ווי יעדן טאָג, אויפן הימל האָבן שעמערירט די שטראַלן פון דער זון, אָבער קיין טרייסט און קיין האָפענונגען פאר די יידן אין אָטוואָצקער געטאָ. 7 אזייגער אין דער פרי, זיינען אונטער דער אנפירונג פון בלוטיקן בראַנדט אריינגעפאָרן לאסט=אויטאָס מיט אוקראַינער אין געטאָ און געעפנט א שיסעריי. אין די ערשטע מינוטן האָט זיך בלוט געגאָסן אויף די גאסן פון אָטוואָצקער געטאָ. די מחבלים זיינען גלייכצייטיק אריינגעפאָרן דורך אלע זייטן געטאָ, פון דער זייט — פון באזאר, ריכטונג בערקא=יאָסעלעוויטשא=גאס, פון דער ווארשאווסקע גאס און ביי דער זשעראָמסקעגאָ גאס. די גאנצע יידישע פּאָליציי מיט ב. קראָנענבערג און זיין פארטרעטער הארי ערליך בראש זיינען מאָביליזירט געוואָרן צו דער „היינליקער ארבעט” פון ארויסטרייבן אלע יידן פון די וווינונגען און זיי זאָלן זיך פארזאמלען אויף דעם פּלאץ פון דער גורנא=גאס, ביים באנהאָף. ווי געטרייע קנעכט, האָט די יידישע פּאָליציי אויסגעפירט דעם באפעל פון די יידן=מערדער. איין טאָג האָט געדויערט די אקציע פון צונויפטרייבן די יידן פון אָטוואָצק צו דעם פּלאץ ביים באנהאָף.

אלס באווייז פון 100% אויספירונג פון באפעל צונויפצוטרייבן אלע יידן האָט דער „העלד” בערנארד קראָנענבערג געבראכט זיין טאטן.

צו דעם אומגליק איז דער טאָג געווען א הייסער און א שיינער. די זון האָט געשיינט אויפן הימל ווי עס וואָלט גאָרנישט אויף דער ערד געשען. די פארשמאכטע פרויען, זקנים און קינדער האָבן געבעטן וואסער צו באפייכטן די פארטריקנטע ליפּן. דער רוף איז געווען אן אומזיסטער. די אוקראַינישע כוליגאנעס און מערדער האָבן פון אלע זייטן מערדערלעך געשלאָגן, דערביי גערויבט, וואָס זיי האָבן נאָר געקענט, אראָפּרייסנדיק די קרושה=רינגלעך פון די פינגער. ווען די זון האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו פארשווינדן אויף מערב=זייט איז אנגעקומען א גרויסער לאנגער צוג מיט לאסט=וואגאָנען, אוועקצופירן די אומגליקלעכע יידן דעם לעצטן וועג, צום

טראַגישן אָרט, ווו עס איז אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אומגעבראַכט געוואָרן די גרעסטע מערהייט פונם יידישן פאָלק אין אייראָפּע. אין די וואַגאָנען איז אומגעלעד געווען אייַנצושטייגן, ווייל עס איז געווען צו הויך. די אָנפירער פון דער טראַגישער מערדעריי האָבן אַרויסגערופן פון די פאַרזאַמלטע יידן אַ טישלער, זאָל מאַכן שטיגן צום אייַנשטייגן אין די וואַגאָנען. ווען די שטיגן זיינען פאַרטיק געוואָרן האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אייַנלאָדענען די יידן אין די וואַגאָנען. אומגעריכט איז געשען פאָלגנדער אינצידענט. דער יידישער פּאָליציאַנט אַברהם ווילענדאָרף, זעענדיק די טראַגעדיע, וואָס שפּילט זיך אָפּ, האָט ער צו די פאַרזאַמלטע ס. ס.=מערדער און אָנפירער פון יידישער פּאָליציי מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג און פאַרביטערונג אַ שלײַדער געטאָן זייַן פּאָליציייאיש היטל, אַרמבאַנד און פּייפערל און איז אויך אייַנגעשטיגן אין דעם וואַגאָן צוזאַמען מיט זייַן פרוי און קינד.

אַברהם ווילענדאָרף איז פאַר דער קריג געווען דער סעקרעטאַר פון פאַראיין פון גאַסטראָנאָמישע אָנגעשטעלטע, וועלכער איז געשטאַנען אונטערן קאָמוניסטישן אייַנפלוס. אין קריגס=צייט איז פאַרשטענדלעך, דער פאַראיין געווען געשלאָסן און ער האָט זיך געמוזט ביטער מאַטערן כדי צו פאַרדינען אויף ברויט. ער האָט אַ געוויסע צייט געאַרבעט אַלס סאַניטאַר אין שפּיטאָל „זאָפּיוווקאַ". ווען די יידישע פּאָליציי איז געגרינדעט געוואָרן, איז ער אונטערן אייַנפלוס פון זייַן שוואָגער, סלאַוויין, אייגנטימער פון אַ ביבליאָטעק און שרייב=מאַטעריאַלן געשעפט אין אָטוואָצק. אַרייַנגעטרעטן אין דער פּאָליציי, בכדי זיך צו אָריענטירן אין דער סיטואַציע און אין נויטווענדיקן פאַל, צו שיצן די יידישע אינטערעסן די גאַנצע צייט, אַלס פּאָליציאַנט, האָט ער פאַרנומען אַן אַדמיניסטראַטיוון אַמט.

אין דער זעלבער צייט, ווען די טראַגישע בילדער האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין די 3 טיילן פון געטאָ, האָבן זיך אָפּגעשפּילט דראַמאַטישע סצענעס אין די יידישע אינסטיטוציעס „זאָפּיוווקאַ" און „בריאות". די אינסטיטוציעס זיינען מיט אַ צייט צוריק רעקווירירט געוואָרן דורך די ס. ס., און איבער די ביוראָען זיינען געהאָנגען די רעקוויזיציע=צעטלען. די פירער פון די אינסטיטוציעס זיינען געווען גענוי אינפאָרמירט וועגן די געשעענישן אין וואַרשע און האָבן זיך אָריענטירט אין דער טראַגעדיע, וואָס גרייט זיך אויף דער שטאָט אָטוואָצק.

דעם 18 אויגוסט 1942 אין די אָוונט=שעהן האָט די פרייליין ד״ר לעווי. מען האָט איר גערופן ד״ר לעוויאָוונאַ, צוזאַמען מיט דער פרוי ד״ר מאַשלאַנקאַ זיך געבאָדן, אָנגעטאָן ווייסע קליידער, זיך געלייגט אין די בעטן און באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, דורך אַראָפּשלינגען ציאַנקאַלי. דאָס זעלבע האָט געמאַכט דער פּערסאָנאַלשעף פון „זאָפּיוווקאַ" וו. קויפמאַן. ווער עס האָט נאָר געהאַט אַ מעגלעכקייט איז אַנטלאָפן, וווּהין ער האָט נאָר געקענט. שפּעט בייַנאַכט איז אַוועק דער דירעקטאָר פון „זאָפּיוווקאַ" מיט זייַן פרוי קיין מינסק=מאַזאָוויעצק. צווישן די פּערסאָנאַלן פון „זאָפּיוווקאַ" און „בריאות" איז אויסגעבראָכן אַ סאַמאַטאָכע. די דירעקטאָרן און

די אנפירנדע פערזענלעכקייטן פון די אינסטיטוציעס, אדער זיי זיינען אנטלאָפן אָדער באגאנגען זעלבסטמאָרד. א טייל סאניטארנס, אָריענטירנדיק זיך אין דער סיטואציע, האָבן פון לאנג געהאט זיך די האָר טלענירט, בכדי זיי זאָלן האָבן אן ארישן אויסזען. אין דעם טראגישן מאָמענט זיינען זיי אויך אוועק זוכן א ־ואיק אָרט אין דער ארישער געגנט.

מיטוואָך, דעם 19 אויגוסט 1942, ווען אין געטאָ האָט מען צונויפגעטריבן אלע יידן, האָבן זיך די ערשטע בלוטיקע סצענעס אָפּגעשפּילט אין דער „זאָפּיוווקא". גלייך אין דער פרי האָבן די אוקראַינישע ס.=ס.=מחבלים די פערסאָנאַלן פון „בריאות" און „זאָפּיוווקא" מיט די קראנקע צונויפגעטריבן צום ערשטן פּאוויליאָן. דער אלטער ד"ר ראָם האָט פון זיין בעט נישט געוואָלט אויפשטיין, איז ער אין בעט דערשאָסן געוואָרן. אויפן פּלאַץ אונטערן ערשטן פּאוויליאָן זיינען דערשאָסן געוואָרן אלע קראנקע צוזאמען מיט די פערסאָנאַלן.

דעם 18 אויגוסט 1942 שפּעט ביינאכט זיינען די זעלבע ידיעות דערגאנגען צום אָטוואָצקער לאגער אין קארטשעוו. יעדע פּאָר מינוט זיינען גאנצע גרופּן אוועק פון לאגער אין געטאָ, בכדי זיך צו דערוויסן, וואָס עס הערט זיך מיט זייערע נאָענטסטע. די נאַכט איז כמעט דער גאנצער לאגער געווען אין דער שטאָט. יעדער איינער האָט געטאָן, וואָס ער האָט געקענט און נעמלעך: אוועקגעשיקט זיינע נאָענטסטע פון געטאָ, אנדערע האָבן געמאכט באהעלטענישן, באגראָבן ווערטפולע זאכן אין דער ערד און אַנדערע האָבן מיטגענומען פאַרשיידענע חפצים אין לאַגער אריין און גאָר אנדערע האָבן מיטגענומען זייערע משפחות אין לאגער. אין טראגישן טאָג, מיטוואָך, דעם 19 אויגוסט 1942, ווען די אויסזידלונג איז פאָרגעקומען האָבן די אָטוואָצקער לאגעריסטן נישט געוואָלט גיין צו דער ארבעט און פארלאנגט פון וועלוול קאָלקאָוויטש, ער זאָל אינטערווענירן ביים קרייז=הויפּטמאן וועגן דער געשאפענער לאגע. וועלוול קאַלקאָוויטש האָט זיך פארשטענדיקט טעלעפאָניש מיטן קרייז=הויפּטמאן ד"ר רופּרעכט און האָט באקומען דעם ענטפער. אז ער ווייסט פון גאָרנישט, און עס איז אוממעגלעך, אז אָן זיין וויסן זאָל פאָרקומען אזעלכעס. די לאגעריסטן זיינען געווען אומצופרידן פון דעם ענטפער און דערפאר האָט קאָלקאָוויטש נאָך אמאָל טעלעפאָנירט. דאָס מאָל האָט ער באקומען אן ענטפער פון קרייז=הויפּטמאן, אז ער ווייסט שוין יאָ וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר, אָבער ער האָט אויף דעם קיין איינפלוס, ווייל דאָס איז א זאָנדער=דינסט=גרופּע און באזיצט אן אייזערנעם בריוו דירעקט פון היטלערן און קיינער פון די מאכט=אָרגאנען האָט איבער זיי גאָרנישט צו באפעלן אין צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס ער פערזענלעך איז פאראינטערעסירט אין דער עקזיסטענץ פונם לאגער שיקט ער אַראָפּ דעם אינספּעקטאָר פראנק קיין אָטוואָצק. אזוי איז דאָס ווירקלעך געווען. דער אינספּעקטאָר פראנק איז געקומען קיין אָטוואָצק, אָבער ער האָט קיין איינפלוס נישט געהאט אויף די אנפירער פון די יידן=מערדער. ער איז געקומען אין לאגער און מען האָט פון אים פארלאנגט, אז ער זאָל זיין צוזאָג האלטן וועגן פארזיכערן דאָס לעבן פון די משפחות

פון די לאַגעריסטן. ער האָט דערקלערט, אַז בראַנדט, דער פירער פון דער אויסזידלונג האָט אויך דורכאויס פאַרלאַנגט די 400 יידן פון דעם לאַגער. נאָך גרויסע באַמיונגען איז אים געלונגען צו ווירקן, אַז דער לאַגער זאָל בלייבן אומבאַרירט. צום לאַגער טאָר נישט צוקומען קיין איין נייע פּערזאָן, קיין איין פרוי טאָר זיך נישט געפינען. אויב עס וועט פעסטגעשטעלט ווערן, אַז אין לאַגער געפינען זיך מער ווי 400 פּערזאַן וועלן אַלע אויסגעזידלט אָדער דערשאָסן ווערן. די דערקלערונג האָט געגעבן אַ קלאָר בילד, וועגן דער יידישער טראַגישער סיטואַציע. די לאַגעריסטן האָבן געמוזט אין זיך דערשטיקן די טרערן און גיין צו דער אַרבעט, הגם יעדער איינער איז געווען גלייכגילטיק און אַפּאַטיש געשטימט צום לעבן אין די געשאַפענע באַדינגונגען.

דעם 20 אויגוסט 1942 איז אָנגעקומען אין לאַגער אַ באַפעל, אַז עס זאָל געשיקט ווערן אַ ספּעציעלע גרופּע צו דער אַרבעט קיין אָטוואָצק. יעדן טאָג אין דער פרי איז אונטער דער אָנפירונג פון אַ יידישן פּאָליציאַנט אַוועקגעגאַנגען אַ גרופּע קיין אָטוואָצק אין דער „זאַפּיוווקאַ”, אַראָפּצופירן די פּאָמידאָרן, וואָס זיינען געפלאַנצט געוואָרן דורך די קראַנקע און פּערסאָנאַל, אונטער דער אָנפירונג פון יידישן אַגראָנאָם קרעבס. די פּאָמידאָרן זיינען געווען באַשטימט פאַר די קראַנקע און פאַר דעם פּערסאָנאַל פון דער „זאַפּיוווקאַ”. די פּראָדוקציע פון די פּאָמידאָרן גערעכנט האָט געזאָלט באַטרעפן 16.000 קג. צוזאַמען מיט די צוגערייטע לעבנס פון די יידישע קראַנקע און אָנגעשטעלטע האָבן אויך די דייטשן צוגערויבט די פּאָמידאָרן און אַלץ, וואָס איז געוואַקסן אויף דעם גרויסן פּראָכטבאַרן, זאָרגפעלטיק באַווירטשאַפטן באָדן אין „זאַפּיוווקאַ”. עס איז אויך יעדן טאָג אַוועקגעשיקט געוואָרן אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליק פּערזאָן, וואָס האָט זיך געמעלדעט אויף דער יידישער פּאָליציי ביי בערנאַרד קראָנענבערג. די גרופּע איז איינגעטיילט געוואָרן אין דריי סעקציעס. איינע איז אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דער „זאַפּיוווקאַ” צום ערשטן פּאַווילאָן צו באַערדיקן די דערשאָסענע קראַנקע און פּערסאָנאַל. די צווייטע אין מיטעלן געטאָ צו קלענערס ווילע, וווּ עס זיינען באַערדיקט געוואָרן די, וועלכע זיינען דערשאָסן געוואָרן אין דער אומגעגנט פון מיטעלן געטאָ. די דריטע איז געשיקט געוואָרן אין דעם שטעטל צו באַערדיקן די, וועלכע זיינען דערשאָסן געוואָרן אין דער אומגעגנט פון דעם שטעטל.

נאָך דעם טראַגישן טאָג פון 19 אויגוסט 1942 זיינען לעגאַל געבליבן אין געטאָ די יידישע פּאָליציי און צוויי פרויען. די פרוי פון קאָמענדאַנט קראָנענבערג און די פרוי פון זיין געהילף ערליך. יעדער געטראָפענער ייד אין געטאָ איז געוואָרן באַגלייט אויף דער יידישער פּאָליציי, און פון דאָרט זיינען יעדן טאָג אַוועקגעפירט געוואָרן גרופּן צום דערשיסן. פון אַרומיקער געגנט פון אָטוואָצקער געטאָ, האָט מען געקענט זען פויערישע פורן מיט אָנגערויבטע זאַכן פון יידישן האָב און גוטס. אויך די שטאָטישע פּוילישע באַפעלקערונג איז נישט ביישטאַנען דעם נסיון פון רויבן דאָס יידישע פאַרמעגן.

די דייטשישע מאכט האָט גלייך איינגעשטעלט בריגאדעס, וואָס האָבן געזאמלט פארשיידענע זאכן פון די יידישע וווינונגען, דערביי האָבן זיי אויך געזוכט אין די פארשיידענע באהעלטעענישן, ווו יידן זיינען געווען באהאלטן. די „אידעאלע" פאָלאקן האָבן צוערשט בארויבט די יידן, צוגענומען אלע זייערע ווערטפולע זאכן און דאן אנגעוויזן אויף דער קאָמענדאנטור, אז דאָ געפינען זיך יידן. די יידן זיינען גלייך ארעסטירט און איינגעזעצט געוואָרן אין ארעסט־הויז ביי דער יידישער פאָליציי און צומאָרגנס, גרופנווייז דערשאָסן געוואָרן.

דער אָטוואָצקער רב און א גאנצע ריי חסידים זיינען געווען באהאלטן. נאָך א פאָר טעג באהעלטעניש האָבן זיי איינגעזען די צוועקלאָזיקייט פון ליידן הונגער און נויט, מאָראלישע און פיזישע יסורים, האָבן זיי זיך דעמאָנסטראטיוו אנגעטאָן אין ווייסע קיטלען, קאַפעלער אויף די קעפ און איינגעהילט אין טליתים פרייוויליק זיך געמאָלדן אויף דער יידישער פאָליציי צום דערשיסן.

צומאָרגנס ווי יעדן טאָג, איז געקומען דער שעף פון דער זשאנדארמעריי, פון ווארשעווער קרייז און האָט זיך ביי קראָנענבערגן געפרעגט וויפיל זיינען דאָ צום „אומלעגן". ער האָט אים געמאָלדן די צאָל און געוויזן די קרבנות. ווען דער בלוטיקער ליפשער האָט דערזען דעם רב מיט די צען יידן איינגעהילט אין די טליתים איז ער אויפגעשפרונגען פון רציחה און אויסגעשריגן, „וואָס דעמאָנסטראַציעס וועט איר מיר דאַ מאַכן", דערפאר וועלן צוויי פאָליציאַנטן דערשאָסן ווערן. קראָנענבערג, דער דינער פון דער דייטשישער מאַכט, האָט זיך באַמיט צו באַרואיקן ליפשערן, איבערגעבנדיק אים אַ גרעסערן קוואַנטום גאָלד ער זאָל קיין פאָליציאַנט נישט שיסן.

ליפשער האָט דאָס גאָלד צוגענומען, ער האָט דאָס זייער אָפט געמאַכט און קיינעם פון די פאָליציאַנטן נישט גערירט, ווייל ער האָט זיי באטראכט פאַר זיינע מענטשן. א לענגערע צייט האָבן געדויערט די טאָג־טעגלעכע דערשיסונגען, ביז דאָס געטאָ איז פולשטענדיק פון יידן פריי געוואָרן. עס איז נאָר געבליבן די יידישע פאָליציי.

די אָנגעזעענסטע געסט, וואָס זיינען געווען אין סאנאטאָריום „זאָפיוווקאַ" זיינען כמעט אלע אַנטלאָפן דעם 18. אויגוסט 1942. געבליבן איז נאָר דער באַקאַנטער רעדאקטאָר פון דער ציוניסטישער צייטונג אין ווארשע „היינט" אברהם איינהאָרן. ער האָט איינגעזען די צוועקלאָזיקייט פון אנטלויפן, דעריבער איז ער אוועק צו זיין פערזענלעכן פריינט נעסטרין, וואָס האָט געוווינט אין שטעטל אָטוואָצק. זעלבסט פרעפאַרירט א שטארקן גיפט־מיטל, האָבן אונטערגעצונדן דאָס הויז (אייגנטום פון נעסטרין) און איינגעמענדיק דעם גיפט, זיינען זיי אריין אין ברענענדיקן הויז. קיינער האָט דאָס הויז נישט געלאָשן. די פלאַמען האָבן זיך פארשפרייט אין ברענענדע צונגען. אין דער אומגעבונג האָט זיך פארשפרייט דער קלאנג, אז דאָס געטאָ אָטוואָצק ברענט. אברהם איינהאָרן, דער רעדאקטאָר פון „היינט" אין ווארשע און זיין פריינט נעסטרין, מאַגיסטער פאַרמאַציע האָבן נישט

געוואַרט ביז די נאַציס וועלן זיי פאַרגאַזן און דאַן פאַרברענען, נאָר אַליין אַ סוף געמאַכט צו זייער לעבן.

אין דער אַרישער זייט אין אָטוואָצק האָבן געוווינט עטלעכע יידישע פאַרדינסטפולע דאָקטוירים, פאַך־ספּעציאַליסטן פון כירורגיע, לאַרינגאָלאָגיע און זיי האָבן באַדינט די פּוילישע באַפעלקערונג און אויך די דייטשישע מאַכט־אָרגאַנען. אין אָנבליק פון דער גרויסער טראַגעדיע, זיינען זיי פון אָטוואָצק אַנטלאָפן. געבליבן איז נאָר איינער, וועלכער איז געווען פערזענלעך באַפריינדעט מיטן דייטשישן קאָמענדאַנט שליכט און האָט זיך געפילט זיכער, אַז מיט אים וועט גאָרנישט פּאַסירן. אין זיין גלויבן אין די דייטשן האָט ער זיך שנעל און ביטער אַנטוישט. דער זעלבער פריינט זיינער, דער דייטשישער קאָמענדאַנט, האָט פון אים אַלע דיפּלאָמען, דאָקומענטן און געלט צוגענומען, קאָנפיסקירט זיין וווינונג און אים, ווי ער שטייט און גייט אַוועקגעפירט אין לאַגער קאַרטשעוו.

דער נאָמען פון דעם דאָקטאָר איז יוליוש פּאָמפּער, איינער פון די גרעסטע כירורגן אין פּוילן. אין דער קריגס־צייט איז ער געווען הויפּט־אָפּעראַטאָר אין קרייז־שפּיטאָל פון פּוילישן מיליטער.

די יידישע פּאָליציי אין אָטוואָצק איז דורך דער דייטשישער מאַכט באַשעפטיקט געוואָרן ביי פאַרשיידענע אַרבעטן. די וויכטיקסטע אַרבעט איז געווען, ־טאָם היטן די מאַגאַזינען פון „זאָפּיוווקאַ און בריאות“ און די אַפּטייקן. דעם ווערט פון די מעדיקאַמענטן אין דער „בריאות־אַפּטייק“ האָט מען געשעצט אויף אַ פּאָר מיליאָן זלאָטעס. דאָס גיט אַ בילד, וואָס פאַר אַ פאַרמעגן איז דורך די דייטשן צוגערויבט געוואָרן אין דער „זאָפּיוווקאַ“ און „בריאות“.

נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט, אַז יידן טאָרן נישט גיין אויף דער אַרישער זייט, זיינען דאָך אַ גרעסערע צאָל יידן אַנטלאָפן. די, וועלכע האָבן נישט געהאַט וווהין צו גיין, זיינען געגאַנגען צום לאַגער פון די אָטוואָצקער יידן קיין קאַרטשעוו. זיי זיינען ביטער אַנטוישט געוואָרן פון דער אויפנאַמע פון לאַגער. ער איז געווען אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן און ביים איינגאַנג זיינען געשטאַנען פּאָליציאַנטן און נישט אַריינגעלאָזט, ווייל אַזוי איז געווען דער „באַפעל“. נישט געקוקט אויף דעם פאַרבאָט און אויף דעם „באַפעל“, אַז ווער עס וועט זיך דערנענטערן צו ד דראָטן פון לאַגער וועט דערשאָסן ווערן און נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דער פּוילישער פּאָליציאַנט גורסקי און דער זשאַנדאַרם קוואַס זיינען אַרומגעלאָפן מיט אָנגעלאָדענע ביקסן, זיינען מאַנכע יידן אַריין אין לאַגער. צווישן אַנדערע, פּיראָוויטשעס פּויי, וואָס האָט זיך איבערגעטאָן אַלס מאַן און איז יעדן טאָג מיטגעגאַנגען צו דער אַרבעט. ביי דער אַרבעט פלעגט זי זיך אויסבאַהאַלטן אין די דערנעבנדיקע פעלדער אָדער סטאָדאָלעס פון נאַדבזשעזש.

אַ קליין, בלאָנד מיידעלע מיט אַן אַרישן אויסזען אין עלטער פון אַ 6—7 יאָר איז אומבאַמערקבאַר דורכן קאָרן צוגעקומען צו די דראָטן נעבן באַראַק פון אַמבולאַנס. זי האָט זיך געפרעגט, ווו איז פישל גאָלדבערג. ער איז מיין

ברודער, איך וויל מיט אים ריידן. אויף דער פראַגע, ווי אַזוי איז זי געקומען צום לאַגער האָט זי געענטפערט אַ שוידערלעכע געשיכטע, וואָס האָט קיין גלייכן אין דער וועלט אין אַ לעבן פון אַ 6—7 יאָריק קינד. זי האָט דערציילט, אַז צוזאַמען מיט אַנדערע דערוואַקסענע עלטערע יידן, מענער און פרויען איז זי געווען גאַהאַלטן אין אַ באַהעלטעניש אין געטאָ. מען האָט זייער באַהעלטעניש אנטדעקט, אוועקגעפירט צו דער יידישער פּאָליציי און צוזאַמענגענומען באַגלייט צו אַ גרויסן אויסגעגראָבענעם גרוב. אין גרוב זיינען אויסגעלייגט געוואָרן יידן אין רייען מיט די פּנימער צו דער ערד. די עס־עס־מענער זיינען דורכגעגאַנגען איבער דעם גרוב און אין יעדן איינעם אריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ אריין. די דערשאָסענע זיינען דאַן באַשיט געוואָרן מיט אַ שיכט זאַמד און ווידער איז אַ רייע יידן אויסגעלייגט געוואָרן, דערשאָסן געוואָרן און ווידער באַשיט מיט אַ שיכט זאַמד. אַזוי זיינען געווען אויסגעלייגט אומגעציילטע רייען מיט קרבנות. אויך זי, די קליינע מלכה גאָלדבערג, איז געווען אויסגעלייגט אין אַזאַ רייע און די קויל האָט איר אנשטאָט אין קעפּל געטראָפן אין די לינקע האַנט. זי איז געלעגן אומבאַוועגלעך, סימולירט, אַז זי איז טויט, נישט וויסנדיק אַליין, אויב זי לעבט. ווען די נאַצי־מערדער זיינען אַוועק פון גרוב, האָט זי אָנגעהויבן ביסלעכווייז אַרויסצוקריכן פון דעם מאַסן־קבר און האָט אָנגעהויבן צו לויפן צו זיך אין שטוב אריין. פון דער האַנט האָט בלוט גערונען. די גלידער אַלע האָבן איר געבראָכן, דער קאָפּ האָט ווי־געטאָן, די ליפּן זייען געווען פאַרטריקנט און פאַרשמאַכט פון דורשט און פון הונגער. זי האָט געטרונקען אַ ביסל וואַסער, ווייל וואָס צו עסן איז אין שטוב נישט געווען. זי האָט די גרויסע וווּנד אויף איר האַנט אַרומגעוואַשן מיט וואַסער און אָפּרייסנדיק אַ שטיקל פון אַ ציך, אַרומגעוויקלט איר שמערצנדיקע וווּנד. יעצט איז זי געקומען צו איר ברודער פישל גאָלדבערג און בעט מען זאָל איר מאַכן אַ פאַרבאַנד אויף דער האַנט און געבן עפּעס צו עסן, ווייל שוין צוויי טעג איז פאַרביי, וואָס זי, איז אַנטלאָפן פונם קבר. דער סאַניטאַר האָט איר וווּנטש ערפילט און יעדן טאָג איר געהייסן קומען אויף אַ פאַרבאַנד. דאָס קליינע מיידעלע, מלכה גאָלדבערג, האָט זיך יעדן טאָג אויסבאַהאַלטן צווישן די שטרוי־זעק פון די באַראַקן און געפירט אַ טראַגיש, פיינפול לעבן

פון שעה צו שעה, איז געוואַקסן די צאָל פון די אַנטלאָפענע פון געטאָ, צווישן אַנדערע אויך פרויען מיט קליינע זויגעוודיקע קינדערלעך אויף די הענט. די סכנה איז געווען זייער גרויס, ווייל יעדע מינוט האָבן זיי געקענט דערשאָסן ווערן פון דער דייטשישער זשאַנדאַרמעריי. זיי האָבן זיך געוואָלט אריינרייסן אין דעם לאַגער, אָבער די יידישע פּאָליציי האָט נישט אריינגעלאָזט. אַם גרויזאַמסטן האָבן זיך צו זיי באַצויגן די צוויי יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס האָבן געשטאַמט פון לאָדזש, קראָנענבערגס געטרייע תלמידים, די צוויי ברידער גינצבורג. די פּאָליציאַנטן גינצבורג האָבן אומברחמנותדיק מיט גומי־שטעקנס אין די הענט, אַוועקגעטריבן די אומגליקלעכע קרבנות ווייט, ווייט אַוועק פון די אַרומצוימונגען פון לאַגער.

אויפן פּאָליציי־רעוויר פון דער פּוילישער פּאָליציי, איז געווען אַ דינער וועלכן מען האָט גערופן „פּאַסטוך“, אַן אויסוואורף און דעגענעראַט. ער האָט באַקומען דעם צוזאָג, אַז אויב ער וועט צושטעלן 30 יידן צום דערשיסן, וועט ער ווערן אַן אוניפאָרמירטער זשאַנדאַרם ביי דער דייטשישער מאכט אין וואַרשעווער קרייז. ער, דער פּאַסטוך, האָט באַליינגט די מסירה, אַז נעבן לאַגער געפינען זיך אַ גרעסערע צאָל יידן. עטלעכע באַוואָפנטע פאָלקס־דייטשן האָבן געמאַכט אַן אָבלאַווע אויף דעם פעלד ביים לאַגער צונויפגעטריבן די אַלע יידן: מענער, פרויען און קינדער, אַ פּאָר צענטליק מעטער פון דער קאַרטשעווער מיל, און אַלעמען דערשאָסן. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז דעם זעלבן טאָג אין דער פרי, האָט איינער פון די ברידער פּאָליציאַנטן גינצבורג געזען דאָס מיידעלע מלכה'לע גאָלדבערג אין באַראַק, האָט ער איר אַרויסגעטריבן פון לאַגער. צוזאַמען מיט די פיר צענטליק יידן איז דאָס מאָל אויך געפאַלן אַלס קרבן, דאָס טראַגישע קינד פון אָטוואָצקער געטאָ מלכה'לע גאָלדבערג.

די היגיענישע באַדינגונגען האָבן זיך וואָס אַמאָל פאַרערגערט. עס איז נישט געווען קיין וועשעריי, ווו די וועש צו וואַשן. עס איז נישט געווען קיין באָד־אַנשטאַלט, ווי זיך צו באָדן. עס איז אויך נישט געווען קיין גענוגנדע צאָל לעבנסמיטל צום עסן. די לאַגעריסטן פאַרצווייפלטע, נידערגעשלאָגענע און פאַרביטערטע האָבן געמוזט שווער אַרבעטן, ליידן הונגער און נויט, אַרומגעגאַנגען באָרוועס און נאַקעט, פאַרשמוציקטע און פאַרלייזיקטע. דאָס שלאָפן אין די באַראַקן איז געווען אומדערטרעגלעך. אין דער זעלבער צייט איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע אין פאַרשיידענע געביטן פון דער גענעראַל־גובערניע. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דאָרט זיינען שוין קיין יידן נישט געווען, דאָך האָט מען געוואָרפן די שולד אויף די יידן. די דייטשישע מאכט האָט אָנגעהויבן צו זוכן אין די לאַגערן קראַנקע אויף טיפוס. יעדער, וואָס האָט געהאַט אַ העכערע טעמפּעראַטור איז באַטראַכט געוואָרן אַלס טיפוס־קראַנקער און גלייך דערשאָסן געוואָרן.

די יידישע פּאָליציי אין געטאָ אָטוואָצק האָט אויסגעפירט פאַרשיידענע אַרבעטן פאַר דער דייטשישער מאכט. דער אָטוואָצקער געטאָ איז געווען וויסט און פּוסט און האָט אויסגעזען ווי אַ שרעקלעכע חורבה. דער פּוילישער מאַגיסטראַט האָט דורך ליציטאַציע פאַרקויפט פאַרשיידענע הייזער פון יידישן באַזיץ צו פּוילישע פירמעס אָדער פּריוואַטע פּוילישע פּערזאָנען. אויפן גרונט פון די דייטשישע פאָרשריפטן איז דער פּוילישער מאַגיסטראַט געווען דער באַלעבאָס איבער די יידישע הייזער. די פירמעס און די פּערזאָנען האָבן געקויפט די הייזער פאַר אַ שפּאָט־ביליקן פּרייז. זיי האָבן פונאַנדערגענומען די הייזער און ווילעס צו פאַרברויכן דאָס בוי־מאַטעריאַל אויף אַנדערע ערטער און אויף אַנדערע פּלעצער. דעם עפנטלעכן רויב האָט דער מאַגיסטראַט אָנגעטאָן אַ דעק־מאַנטל פון רעגולירן און פאַרברייטערן די גאַסן. דאָס איז געווען די באַגרינדונג פון צעשטערן פּראַכטפולע, פרישע הייזער און ווילעס.

דער דייטשישער קאָמענדאַנט פון דער שטאָט אָטוואָצק שליכט האָט איינגעזען, אַז די יידישע פאָליציי איז אים שוין נישט נויטווענדיק. די מערהייט פון זיי האָט ער אוועק־געשיקט אין אַ לאַגער קיין טאַרכאָמין. דעם קאָמענדאַנט קראָנענבערג מיט זיין פרוי, זיין פאַרטרעטער ערליך מיט זיין פרוי און דעם געוועזענעם פרעזעס שמעון גורעוויטש האָט ער אַוועק־געשיקט קיין ווילאַנאָוו צו האָבן דעם אויפזיכט איבערן צענטראַל־מאַגאַזין פאַר די יידישע לאַגערן אין וואַרשעווער קרייז. די איבעריקע 10 פאָליציאַנטן זיינען איבערגעשיקט געוואָרן אין דעם לאַגער קיין קאַרטשעוו. די געקומענע פאָליציאַנטן קיין קאַרטשעוו זיינען מיט פאַרביטערונג און עקל אויפגענומען געוואָרן דורך די לאַגעריסטן. מען האָט אין זיי געזען די מיטהעלפער און דינער פון היטלעריסטישן רעזשים.

די פאָליציאַנטן זיינען געקומען אין לאַגער מיט פיל געלט און גוטע קליידער, וואָס זיי האָבן צוגענומען אין די ליידיקע וווינונגען פון אָטוואָצק. זיי האָבן, אַ דאַנק די פאָליציייאישע היטלען, געהאַט באַוועגונגס־פרייהייט פון אַרויסגיין פון דעם לאַגער און זיך איינקויפן לעבנסמיטל־פּראָדוקטן. זיי האָבן גוט אויסגעזען, גוט אָנגעטאָן און נאָך בעסער געגעסן, דערצו נישט געאַרבעט. אנשטאַט זיי זאָלן מיטפילן מיט דער טראַגישער סיטואַציע פון זייערע פאָלקס־ברידער אין לאַגער, זיי מיטהעלפן אָדער אונטערשטיצן, האָבן זיי אומגעקערט די לאַגעריסטן געשלאָגן. דער הונגער האָט געמאַכט דאָס זייניקע. פיל פולשטענדיק ערשעפטע יונגעלייט האָבן אויפגעהערט צו גיין צו דער אַרבעט, ווייל זיי זיינען נישט געווען אימשטאַנד צו גיין די 4 קמ. צו די אַרבעטס־פלעצער. די אומגליקלעכע קרבנות זיינען געווען אונטער דער אויפזיכט פון די „גוטע ברידער גינצבורג". די ערשעפטע האָבן געמוזט אויספירן פאַרשיידענע אַרבעטן פון רוימען די באַראַקן, ריינמאַכן דעם פלאַץ פון לאַגער און ווען זיי האָבן זיך נישט געקענט שנעל באַוועגן האָבן די פאָליציאַנטן גינצבורג זיי געשלאָגן. איין מאָל האָט אַזאַ סצענע צוגעזען דער דאָקטאָר פאָמפער, וועלכער איז געווען הויפט־דאָקטאָר פון אַלע יידישע לאַגערן אין וואַרשעווער קרייז. עס איז צוליב דעם געקומען צו אַ גרויסע אַוואַנטורע. דער דאָקטאָר פאָמפער האָט געהאַלטן די באַציונג פון די גינצבורגס צו די פיזיש־ערשעפטע אַלס אַ פאַרברעכערישע און נאָר צוליבן שלאָגן וועלן זיי שטאַרבן. די גינצבורגס האָבן דערקלערט, אויב זיי זיינען קראַנק, זאָל דער דאָקטאָר זיי געבן באַפרייונגס־שיינען פון דער אַרבעט. אויב זיי האָבן קיין באַפרייונגס־שיינען פון דער אַרבעט מוזן זיי אַרבעטן. דער דאָקטאָר פאָמפער האָט דערקלערט, אַז זיי זיינען נישט קיין קראַנקע, זיי האָבן נישט קיין טעמפּעראַטור און ער קען פאַר זיי נישט אויסשטעלן קיין באַפרייונגס־שיינען פון דער אַרבעט, ווייל ליפשער קען קומען און זיי דערשיסן. זייער אומפעאיקייט צו דער אַרבעט איז אין רעזולטאַט פון לאַנג־דויערנדן הונגער אין שווערע אַרבעט.

אין די צייטונגען האָבן זיך באַוויזן ידיעות און אַמטלעכע באַקאַנטמאַכונגען, אַז עס ווערן געשאַפן נייע געטאָס, אַלע יידן וואָס געפינען זיך אין דער אַרישער

זייט זאָלן קומען אין די געטאָס, זיי וועלן אַרבעטן, ווערן פארפלעגט און באטראכט ווערן אַלס פּראָדוקטיווע מענטשן.

די באקאנטמאכונגען זיינען צווייַדייטיק אינטערפּרעטירט געוואָרן. די ערשטע מיינונג איז געווען, אז אונטערן איינפלוס פון אינטערנאציאָנאַלן רויטן קרייץ אין דער שווייץ און אונטערן איינפלוס פון די אינטעלעקטואַליסטן אין דייטשלאנד איז געקומען צו אַן ענדערונג אין דער יידן־פּראַגע. די דייטשישע מאכט וויל פארדעקן פאר דער וועלט אירע אָפּגעטוענע גרוילטאַטן און מאכט באקאנט, אַז יידן זיינען דאָ עס זיינען דאָ געטאָס, אַלץ איז אין אָרדענונג און עס האָט גאָרנישט פּאַסירט. אויב עס זיינען אומגעקומען א גרעסערע צאָל יידן, איז דאָס א נאטירלעכע קריגס־דער־שיינונג, טיפוס, הונגער א. א. וו.. די צווייטע מיינונג איז געווען, אַז די דייטשישע מאַכט וויל ארייננאַרן אין די געטאָס דאָס ביסל איבערגעבליבענע יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאהאלטן אין דער ארישער זייט און אין די וועלדער, בכדי זיי אויסצו־מאָרדן. צום באדויערן האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזן, אַז די צווייטע מיינונג האָט מיט א געזונטן חוש אָפּגעשאַצט די לאגע. אויך דאָס מאָל האָט זיך באשטע־טיקט דער פאקט, אַז אָפּנארעריי און פארברעכן איז דער יסוד פון דער דייטשישער אָקופּאַציע־פּאָליטיק.

דער לאַגער אין קאַרטשעוו האָט זיך באשעפטיקט מיט וואסער־ווירטשאַפט־אַרבעטן און צוליב דעם, וואָס אין הערבסט איז אוממעגלעך די אַרבעטן ווייטער צו פירן האָט זיך פארשפּרייט א קלאנג, אז דער לאַגער וועט איבערגעזידלט ווערן קיין ווארשע. די ידיעה האָט זיך באשטעטיקט און אויף דעם ערשטן דעצעמבער 1942 איז באשטימט געוואָרן די איבערזידלונג. דער לאַגער־אָנפירער וועלוול קאָל־קאָוויטש האָט איינגעזען, אַז עס איז שלעכט, האָט ער אָנגעהויבן צו אינטערוועני־רן ביים אינספּעקטאָר פּראַנק, אַז ער זאָל דעם לאַגער נישט פולשטענדיק אויפלייזן נאָר איבערלאָזן א געוויסע צאָל יידן, וואָס זאָלן האָבן דעם אויפזיכט איבערן לאַגער און פאָרבארייטן די ארבעט צום קומענדן סעזאָן. דער אינספּעקטאָר פּראַנק האָט איינגעשטימט מיט דעם פאָרשלאַג און באשלאָסן, אַז 40 יידן בלייבן און וועלן באַשעפטיקט זיין ביי בויען בריקן און ביים פארזיכערן דעם ווייסל־אויסגוס.

פיל לאַגעריסטן זיינען דאן אנטלאָפן אין פארשיידענע ריכטונגען צו פּויערים אָדער אין די וועלדער. זיי האָבן נישט געוואָלט איבערגעזידלט ווערן קיין ווארשע. עס איז אויך געווען אַן אומגעקערטע דערשיינונג. עס זיינען געקומען אזעלכע, וואָס זיינען געווען אויף דער אַרישער זייט באהאלטן ביי פּאָלאַקן, דאָס געלט איז זיי אויסגע־גאַנגען און האָבן נישט געקענט לענגער זיין ביי די „פּוילישע גוטע ברודער", וייל מען האָט זיי געדראָט מיט איבערגעבן אין די הענט פון דער פּאָליציי אָדער זשאַנ־דאַרמעריי. נישט האָבנדיק קיין אַנדערן אויסוועג, זיינען זיי געקומען אין לאַגער אריין, בכדי איבערגעשיקט צו ווערן קיין ווארשע.

דעם 1. דעצעמבער איז געקומען דער שעה פון דער זשאַנדאַרמערי ליפּשער מיט דייטשישע זשאַנדאַרן און פּוילישע פּאָליציי איבערצוזידלען דעם לאַגער פון קאַר־

טשעוו קיין וואַרשע. עס איז אדורכגעפירט געוואָרן א פּערזענלעכע רעוויזיע ביי אלע לאַגעריסטן, און אלע ווערטפולע קעגנשטאַנדן און וואַלוטע איז ביי זיי צוגענומען געוואָרן. די לעצטע יידישע פּאָליציאַנטן, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין דער „זאָפּיוווקאַ" און „בריאות" זיינען געבראַכט געוואָרן אין דעם לאַגער, זיי זאָלן אויך אי־בערגעזידלט ווערן. עס זיינען געווען אַ 20 לאַגעריסטן, וואָס זיינען נישט אימשטאַנד געווען זיך צו שטעלן צום אַפּעל צוליב פולשטענדיקער פיזישער ערשעפּונג. אויפן האַ־פּעל פון ליפּשער זיינען זיי איבערגעפירט געוואָרן אויף צוויי פויערישע וואָגנס, וועלכע זיינען צונעשטעלט געוואָרן דורך דער פּוילישער גמינע. זיי האָבן געזאָלט אין אַ ספּעציעלן וואַגאָן פאָרן קיין וואַרשע אין שפּיטאָל. אין דערווירקלעכקייט זיינען זיי אונטער אן עסקאָרטע פון זשאַנדאַרן צוגעפאָרן צום נאָענסטן וועלדל אין קאַרטשעוו און זיי זיינען דערשאָסן געוואָרן, אלע לאַגעריסטן זיינען אין געשלאָסענע רייען צו פיר פּערזאָן אין איין רייע אונטער דער עסקאָרטע פו זשאַנדאַרן און יידישע פּאָליציי אָפּמאַרשירט צו דער קליינער אייזנבאַן (קאָלייקע) און אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע אין געטאָ. דער יידן־ראַט פון וואַרשעווער געטאָ איז געווען פאַרשטענדיקט פון זייער אָנקומען און צוגעטיילט פאר זיי ספּעציעלע הייזער אויף מילע און זאַמענהאָף־גאַס. די גרעסטע טייל פון די אָטוואָצקער. לאַגעריסטן פון קאַרטשעוו זייען אין וואַרשעווער געטאָ קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און אַנדערע פאַרשיידענע קראַנקייטן. פיל פון זיי זיינען געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט צוליב עפּידעמישע קראַנקייטן, און די איבעריקע זיינען געפאַלן אין קאַמף אין אויפשטאַנד.

אין לאַנער קאַרטשעוו זיינען געבליבן 40 יידן. די שטימונג איז געווען זייער אַ געדריקטע. מען האָט פּראָבירט צו זוכן ידיעות, וואָס זאָלן קענען געבן אַ געוויסע טרייסט. עס איז אָנגעקניפּט געוואָרן באַציונגען מיט דער אונטערגרונט־באַוועגונג און כמעט אלע אומלעגאַלע אויסגאַבן זיינען געווען אין לאַגער. מיט א פאַרכאַפּטן אָטעם האָט מען געלייענט די ביולעטינען פון די לינקע ריכטונגען, זייער אָפט זיינען געווען ידיעות גוטע און זייער אָפט שלעכטע, ווייל זיי האָבן מיטגעטיילט וועגן סוקצעסן פון דער דייטשישער מאַכט אויפן מזרח־פראָנט. אין די אומלעגאַלע צייטונגען און ראַדיאָ־ביולעטינען האָט מען זייער אָפט געפונען טרייסט־ווערטער פאר אַ שנעלע דערלייזונג, אַז דער נאַצי־רעזשים וועט סוף כל סוף פאַלן און יידן א צעשמעטערנדע מפּלה. צווישן די אומלעגאַלע אויסגאַבן איז געווען א כאַראַקטעריסטישער ביולעטין, אַרויסגעגעבן דורך די פּוילישע נאַציאָנאַליסטן, וואַרשיינלעך דורך די ענדעקעס אָדער אַנדערע שוואַרצע קרייזן. אין דעם פּראָגראַמאַטישן אַרטיקל פון דעם „אומלעגאַלן ביולעטין" איז געווען געשריבן פאָלגנדעס: „די פּוילישע געזעלשאַפט איז פאַראינטערעסירט אין קאַמף פאַרן פאַרניכטן די באָלשעוויקעס און די יידן. מיט דער דייטשישער מאַכט וועלן מיר אַדורכקומען". נאָכן איבערלייענען אַזאַ „מאַניפעסט" איז ווירקלעך געוואָרן פינצטער אויפן האַרצן. פון דעם אַרטיקל האָט מען זיך דערוווּסט, ווער עס זיינען די נאַציאָנאַלע עלעמענטן אין פּוילן. וואָס פאַר אַ האָפענונגען קענען די יידן האָבן צו דער פּוילישער געזעלשאַפט.

די 40 פּערזאָנען אין לאַגער האָבן זיך געפילט אימזיכער. עס איז געווען אַ שטענדיקע באַוועגונג. אַ טייל זײַנען אַנטלאָפן און אַנדערע ערשעפּטע און קראַנקע פון פאַרשיידענע בונקערס זײַנען אָנגעקומען. די אָנגעקומענע זײַנען כמעט אַלע קראַנק געווען אויף טיפוס. די דערשײַנונג פון טיפוס־קראַנקע אין לאַגער איז געהאַלטן געוואָרן אין געהיים פאַר דער דײַטשישער מאַכט, ווײַל דאָס האָט געקאָנט פאַראורזאַכן אַז אַלע זאָלן דערשאָסן ווערן. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז אין קאַרטשעוו איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס־עפּידעמיע בײַ דער פּוילישער באַפעלקערונג. עס זײַנען געווען 3 פאַלן פון טיפוס אויף דער זעלבער גאַס, פון לאַגער.

די סיטואַציע אין לאַגער איז געוואָרן צוליב דעם זייער ערנסט. יעדן פאַרטאָג האָט מען די קראַנקע באַהאַלטן אין דעם קאַרטאָפל־קעלער און בײַנאַכט אַרויסגענומען. עס איז געקומען דער קרייז־דאָקטאָר סטעפאַן מאַלטשעווסקי און האָט אַדורכגעפירט אַ היגיענישע אונטערזוכונג. ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז לויט זײַנען דאָ אָבער קיין טיפוס־קראַנקע זײַנען נישטאָ. אויף זײַן פאָרשלאַג זײַנען די לאַגעריסטן אַוועקגעפירט געוואָרן קיין פאַלעניץ צום באָדן און דעזינפעקציאָנירן. זייער אָפּט זײַנען געקומען זשאַנדאַרן זוכן קראַנקע צום דערשיסן. די קראַנקע זײַנען געווען שטענדיק באַהאַלטן און מען האָט זיי נישט געפונען. ווען זיי זײַנען געזונט געוואָרן זײַנען זיי צוריקגעגאַנגען אין זייערע בונקער־באַהעלטענישן.

פון לאַגער זײַנען אַנטלאָפן צוויי יונגעלייט, פּליישערס פון פאַך. די ערשטע פּאַטראָלע, וואָס זיי האָבן געטראָפן אויפן וועג האָבן זיי אַנטוואָפנט, צוגענומען די מונדירן מיטן געווער און זיי דערשאָסן, נקמה־נעמענדיק פאַר דעם פאַרגאָסענעם יידישן בלוט. אין די ערטער, וווּ זיי האָבן זיך באַוויזן, האָט אַ שרעק באַהערשט די פּויערישע באַפעלקערונג, פּוילישע פּאָליציי און זאָגאַר די דײַטשישע פּאָסטנס. מען האָט זיי נישט געקענט דערקענען, ווײַל זיי זײַנען געווען אין זשאַנדאַרן־אוניפאָרמען. אין דער זעלבער צײַט איז זיך פאַרלאָפן אויך פאָלגנדע געשיכטע. אין דער אָרטשאַפט קאַרטשעוו, וווּ דער לאַגער איז געווען, איז פאָרגעקומען אַ באַוואָפנטער איבערפאַל. די דײַטשישע אויספאָרשונגס־מאַכט האָט אויפן גרונט פון פּוילישע עדות פעסטגעשטעלט, אַז דעם אָנפאַל האָבן אויסגעפירט ציגײַנער. עס איז אויך אָנגעגעבן געוואָרן, אַז אין שנײַ זײַנען געווען טריט־צייכנס, וואָס האָבן געפירט צום יידישן לאַגער. ליפּשער איז אַראָפּגעקומען מיט דער זשאַנדאַרמעריע צו ליקווידירן די ציגײַנער. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ פאָרמעלע שלאַכט צווישן די זשאַנדאַרמעריע און ציגײַנער. די ציגײַנער־קאָלאָניע אין קאַרטשעוו אין אַ צאָל פון אומגעפער 50 פּערזאָן, דערזעענדיק די זשאַנדאַרן און אָריענטירנדיק זיך גענוי אין דער לאַגע, האָבן געעפנט אַ שיסערײַ. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן זײַנען די ציגײַנער געווען באַוואָפנט מיט קורץ און לאַנג געווער. זיי האָבן געפירט דעם קאַמף ביז צו דער לעצטער קויל. די דײַטשישע זשאַנדאַרמעריע האָט דאַמאָלס גרויסע פאַרלוסטן געהאַט, און די ציגײַנער־קאָלאָניע איז אויסגעמאָרדעט געוואָרן. עטלעכע ציגײַנער זײַנען אַנטלאָפן און די „פּוילישע פרײַנט“ האָבן גלייך געמאָלדן אויפן פּאָליציי־רעוויר וווּ זיי זײַנען.

זשאַנדאַרן זיינען געקומען און זיי דערשאָסן ביי דער מיל אין קאַרטשעוו, אויפן זעלבן אָרט, ווו די יידן אין חדש סעפּטעמבער 1942.

אין דער זעלבער צייט איז פֿאָרגעקומען דער ערשטער ווידערשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ. דאָס איז געווען דעם 17 יאַנואַר 1943. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט ווערסיעס, אַז דער לאַגער קאַרטשעוו וועט ליקווידירט ווערן, נישט דורך איבערזידלונג נאָר דורך דערשיסן אַלע אויפן אָרט. אַלע האָבן געגלויבט אין דער ווערסיע און זיך פאָרבערייט צום אַנטלויפן. די דראָטן אַרום דעם לאַגער זיינען אין פיל ערטער איבערגעשניטן געוואָרן דורך די לאַגעריסטן, צו קענען אין נויטיקן פאַל אַנטלויפן. וועגן שטעלן אַ ווידערשטאַנד איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט, צוליב דעם, ווייל אין לאַגער איז געווען איין „עוואַלווער. יעדן טאָג איז דער לאַגער „שיטערער" געוואָרן. יעדן טאָג זיינען אַנדערע אַנטלאָפן. מען האָט געהאַלטן נאַכט-וואַכע, בכדי דער וואַכמאַן זאָל קענען אַלאַרמירן אַלע לאַגעריסטן אין פאַל ווען די זשאַנדאַרן-אויטאָס וועלן קומען. די צאָל לאַגעריסטן האָט זיך אויף אַזוי-פיל פאַרקלענערט, אַז עס איז נישט געווען מיט וועמען צו גיין צו דער אַרבעט.

די קליינע צאָל איבערגעבליבענע אין לאַגער האָבן געפילט, אַז דער באָדן ברענט אונטער די פיס. די איינציקע פאַרבינדונג איז געווען מיטן פוילישן פּאָליציאַנט קאָוואַלטשיק און מיט זיינע צוויי זין, וואָס האָבן געהערט צו דער אונטערגרונט-באַוועגונג. זיי האָבן צוגעשטעלט די אומלעגאַלע צייטונגען און אויך די ידיעות וועגן גורל פון לאַגער.

זיי האָבן אויך פאַרשטענדיקט וועגן דעם, אַז עס קומען די זשאַנדאַרן צו דערשיסן די אָסטראָוואַצקער לאַנדסלייט פון קאַרטשעווער לאַגער. אויפן גרונד פון דער ידיעה זיינען די קאַרטשעווער לאַגעריסטן אין קריטישן מאָמענט, דעם 7-טן מאַי 1943 אַנטלאָפן, אויסבאַהאַלטנדיק זיך אין די וועלדער און ביי די פּויערים אין נאַדבזשעזש.

די זשאַנדאַרן האָבן אַרומגערינגלט דעם לאַגער מיט מאַשין-געווער גרייט צו שיסן. זיי האָבן זיך אַנטוישט, ווייל קיינער איז דאָרט נישט געווען. אין צוויי טעג אַרום זיינען זיי ווידער געקומען און געמאַכט אַ שטרענגע אָבלאַווע אין די אַרומיקע דערפער, אויפפאָדערנדיק די פּויערים זיי זאָלן אַרויסגעבן די באַהאַלטענע יידן. אויב זיי וועלן ביי וועמען געפונען אַ ייד, וועלן זיי דאָס גאַנצע דאָרף פאַרניכטן. די פּויערים האָבן אַרויסגעגעבן 12 באַהאַלטענע יידן, וועלכע זיינען גלייך אויפן אָרט אין נאַדבזשעזש דערשאָסן געוואָרן. די איבעריקע זיינען פאַרשוווּנדן געוואָרן.

נאָר יחידים זיינען געבליבן ביים לעבן פון קאַרטשעווער לאַגער און פון די איבערגעזידלטע קיין וואַרשע. די איצט לעבנדע אָסטראָוואַצקער לאַנדסלייט זיינען אין דער קריגס-צייט געווען אין ראַטן-פאַרבאַנד, און אויסגעמיטן די נאַצי-פאַרניכטונג.

דער „בלוטיקער הונט" ליפּשער, דער שעף פון דער זשאַנדאַרמעריי אין וואַרשעווער קרייז, וועלכער האָט דירעקט און אומדירעקט אויסגעמאָרדעט די יידישע באַפעלקערונג פון אָסטראָוואַצק און פון לאַגער קאַרטשעוו, איז נאָך דער באַפרייאונג דערקענט געוואָרן דורך מענדל אַש און איז דורך דער פּוילישער מאַכט דערשאָסן

געוואָרן. דער גובערנאטאָר פישער, וועלכער איז געווען די צווייטע האַנט פון גענע־
ראל־גובערנאטאָר פראַנק איז דורך דער אַמעריקאַנישער מיליטער־רעגירונג אין
דייטשלאנד מיט נאָך א גרעסערע צאָל פארברעכער איבערגעשיקט געוואָרן קיין
פוילן צו שטעלן פארן געריכט. ער איז דאָרט פארמשפּט געוואָרן צום טויט דורך
הענגען. עס איז וואַרשיינלעך, אַז דער קרייז־הויפּטמאן ד״ר רופּרעכט האָט אויך
באצאָלט מיטן לעבן פאר זיינע מאסן־מערדערייען.

אין דעם אלגעמיינעם חורבן פון דעם אייראָפּעאישן יידנטום האָט די שטאָט
אָטוואָצק בייגעטראָגן 16.000 קרבנות.



# פ א ל ע נ י ץ

בשכנות מיט אָטוואָצק, געפינט זיך דאָס שטעטעלע פאלעניץ. צוליב איר נאָענטקייט פון אָטוואָצק, 8 קמ., האָט זי אויך געשפּילט די ראָלע פון אַ קור־אָרט. די יידישע באפעלקערונג האָט געציילט 6000 נפשות.

די הויפּט־באשעפטיקונג פון די איינוווינער איז געווען דאָס באדינען די קור־געסט. די האנדלאָווא־גאס איז געווען דער האנדלס־צענטער און עס איז אויך געווען א באזאר. אין דער שטאָט איז געווען א טארטאק, וואָס האָט געהערט צו ראובן נייווערט און האָט באשעפטיקט ביי א הונדערט ארבעטער. גרויסע פאבריקן זיינען נישט געווען, דאקעגן זיינען געווען קליינע האנטווערקער און כאַלופּניקעס, כמעט פון אלע פאכן, וואָס האָבן באקומען פון ווארשעווער גרוסע סוחרים סחורה און זיי האָבן אויסגעאַרבעט פארשיידענע זאכן.

זומער איז געווען אַ גרויסע באוועגונג. יידן זיינען געקומען אויף „דאַטשע", און די איינגעזעסענע איינוווינער האָבן געהאט פרנסה פון די זומער־הדשים אויף א גאנץ יאָר. ווינטער זיינען פיל ווילעס געשטאנען ליידיק, דאָס האָבן אויסגענוצט די אָרעמע באפעלקערונג, וואָס איז עקסמיסירט געוואָרן פון די דירות אין ווארשע און זיך אריבערגעצויגן קיין פאלעניץ.

דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן איז געווען שטארק אנטוויקלט. עס האָבן עקזיסטירט אַלע פארטייען און אָרגאַניזאציעס און אויך פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען. צוליב דער נאָענטקייט פון דער רעזידענץ, איז דאָס גאנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן געווען פארבונדן מיט וואַרשע.

פאלעניץ איז פאר זיך געווען א שטעטל און געהאט אלע אירע איינריכטונגען, ווי בית־המדרש, שול, מקווה, שעכט־הויז, ישיבה, חדרים און ועל כלם אַ קהילה. דער פּרעזעס פון דער קהילה איז געווען ר' חיים־יאָסל פרידמאַן, אַ ייד א הדרת־פּנים, אַ בעל פּרנסה, אייגנטימער פון א גרוים געשעפט פון בוי־האָלץ. דער רב, איז געווען א תלמיד־חכם, מיטן נאָמען פינקלשטיין.

די קינדער האָבן זיך געלערנט אין די פּאָווטשעכנע שולן, (רעגירונגס־שולן) מיט פּויליש אַלס אונטעררינכטס־שפּראַך. די, וואָס האָבן געענדיקט די שולן און געוואָלט זיך ווייטער לערנען אין גימנאַזיום, האָבן געמוזט פאָרן קיין ווארשע.

די פּרעסע האָט אויך געשפּילט א גרויסע ראָלע. אַלע וואַרשעווער צייטונגען זיינען אין אַ גרעסערע צאָל עקזעמפּלארן פאַרשפּרייט געוואָרן, דערצו זיינען אויך געווען ביבליאָטעקן און לעזע־זאַלן, ביי די אָרגאַניזאציעס.

אין אויגוסט 1939 איז אויסגעבראָכן א פּאנישע שטימונג צוליב די קלאַנגען פון קריג. די געסט זיינען שנעל אַוועקגעפאָרן, אַ טייל פון דער יוגנט איז מאָביליזירט געוואָרן און שוין דעם 9 סעפּטעמבער 1939 זיינען די דייטשן אריינגעקומען און אונטערגעצונדן דעם יידישן האנדלס־צענטר, די האנדלאָווע גאס.

אויפן באַפעל פון דער דייטשישער מאכט האָט זיך געבילדעט א יידן־ראַט און אלס פּרעזעס זיינען באַשטימט געוואָרן צוקערמאַן, אַן אַסימילאַטאָר, פאַר דער קריג איז ער געווען אומבאקאנט און נישט געשפּילט קיין שום ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווי אויך דינסטמאַן, געהאט אַ ביטע־שריפט־ביוראָ.

נאָך א פּאָר וואָכן אמטירן איז געקומען די זשאנדארמעריע זיי אוועקגענומען און דערשאָסן. דאָס איז געווען צוליב א מסירה פון פאָלקס־דייטש בובהאָלץ. די מסירה איז געווען פאָלגנדע: ווען די דייטש־פּוילישע קריג איז אויסגעבראָכן איז אין פּאלעניין, ווי אין אַלע אנדערע שטעט אנטשטאנען א פאָלקס־מיליץ, צו וועלכע עס האָבן געהערט צוקערמאַן און דינסטמאַן. נעבן פּאלעניץ אין אלעקסאנדראָוו איז געווען א דייטשישע קאָלאָניע, ווו עס האָבן געוווינט 100 פאָלקס־דייטשן. די פאָלקס־דייטשן האָבן זיך נישט געוואָלט צופּאסן צו די פאַראָרדענונגען פון דעם פאָלקס־שוץ, צוליב דעם איז געקומען צו געשלעגן. דאָס איז געווען די סיבה פון דערשיסן די פּרעזעסן צוקערמאַן און דינסטמאַן.

עס איז באַשטימט געוואָרן א נייער יידן־ראַט. פּרעזעס איז געווען עליאש פּינקעל, א גוט־באַזיצער נעבן מיעדזעשין און נאכער איז פּרעזעס געווען שאנצער פון לאָדזש. אויך די יידישע פּאָליציי איז באשטאנען כמעט פון לאָדזשער יידן. די פּאָליציי־קאָמענדאנטן זיינען געווען שיקער און זשימנאוואָדאַ. ביידע פון לאָדזש. די צאָל פּאָליציאַנטן איז געווען 20—15. צווישן זיי זייענן אויך געווען דייטשישע יידן, וואָס זיינען נאָך דער אויסזידלונג פון דייטשלאַנד געקומען קיין פּאלעניץ.

דאָס געטאָ איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויף דער לינקער זייט פון פּאלעניץ, אויף דער זייט, ווו עס האָט זיך געפונען די מעדעם־סאנאטאָריום אין מיעדזעשין. פּאלעניץ איז געווען פאראייניקט מיטן געטאָ מיעדזעשין. אויף דער רעכטער זייט פון פּאלעניץ און מיעדזעשין איז געווען די ארישע זייט, און דאָרט האָבן יידן נישט געטאָרט וווינען.

מיטן איינפירן דאָס געטאָ האָבן זיך איבערגעריסן אלע קוואלן פון פּרנסה פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. די האנטווערקער האָבן נישט געהאט קיין ארבעט, ווייל די פאַרבינדונגען מיט ווארשע זיינען איבערגעריסן געוואָרן, און אין אלגעמיין איז אָפּגעשטאָרבן דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן און ווען דאטשע־געסט איז נישט געווען צו טרוימען.

די יידישע איינוווינער האָבן זיך אריבערגעוואָרפן אויף אן אנדער געביט צום

באקן ברויט. פּאָלאקן האָבן צוגעשטעלט אין געהיים מעל צום באקן און נאכער גענומען דאָס ברויט אוועקגעפירט קיין ווארשע, מאכנדיק דערביי גוטע געשעפטן.

די פרוי נייווערט האָט אָרגאניזירט א יתומים־הויז און א קיך, וואָס האָט געקאָכט מיטאָגן פאר דער נויטליידנדער באפעלקערונג, דערביי האָט זי אליין פינאנסירט.

דער מוסטער קינדער־אנשטאלט אויפן נאָמען פון „מעדעם", וואָס האָט געהאט א רום אין דער גאנצער וועלט איז געווען אין א קאטאסטראָפאלע לאגע. די דערציער זיינען מערסטנטייל אנטלאָפן אויף די רוסישע געביטן, ווען דער קריג איז אויסגעבראָכן, און עס האָט געדראָט, אז די קינדער זאָלן אויסשטארבן פון הונגער. די גאָבעלע פרוי נייווערט האָט אויך איבערגענומען די שוץ און אויפזיכט איבער דעם קינדער־אנשטאלט אין מיעדזעשין. די קינדער האָבן באארבעט דעם באָדן פון סאנאטאָריום און אלץ, וואָס זיי האָבן באדארפט האָט די פרוי נייווערט באזאָרגט. צום גרעסטן באדויערן, האָט זיך די פרוי נייווערט אנגעשטעקט מיט טיפוס באצילן, קראנק געוואָרן און געשטאָרבן.

פאלעניץ איז געווען אונטער דער זעלבער מיליטערישער אדמיניסטראציע ווי אָטוואָצק, דערפאר זיינען כמעט אלע געשעענישן פאָרגעקומען פאראלעל אין דער זעלבער צייט, און נעמלעך: טראָגן יידן־אָפּצייכענונגען, צוואנגס־ארבעט, פארשיקונגען אין לאגערן, ערובניקעס, קאָנטריבוציעס, אָפּגעבן פעלצן (פוטערס) און אנדערע ענלעכע שיקאנעס.

צווישן די ערובניקעס זיינען געווען: טיקאָטשינסקי, גאָלדשטיין, פרידמאן, נייווערט, הייוונטרעגער און אנדערע. דאָס זיינען געווען די אנגעזעענסטע בעלי־בתים פון דער שטאט. זיי זיינען געהאלטן געוואָרן 2 טעג אין פוילישן קאָמיסאריאט, ביז די ארויפגעלייגטע קאָנטריבוציע איז באצאָלט געוואָרן.

אין מארטאק פון די נייווערטס איז איינגעאָרדנט געוואָרן א לאגער, אין וועלכן עס האָבן געארבעט 114 יידן. די ארבעט איז באשטאנען אין מאכן באראקן. די פארטיקע באראקן זיינען אוועקגעשיקט געוואָרן אין פארשיידענע געביטן.

איין טאָג נאָך דער בלוטיקער אקציע אין אָטוואָצק האָט זיך אנגעהויבן די ליקווידאציע פון פאלעניץ, מיעדזעשין און דערצו זיינען די יידן פון רעמבערטאָוו געטריבן געוואָרן צו פוס קיין פאלעניץ צום טראנספּאָרט. די, וואָס האָבן נישט געקענט לויפן, זיינען אויפן וועג דערשאָסן געוואָרן.

אויך אין פאלעניץ האָבן זיך אָפּגעשפּילט הארצרייסנדע סצענעס ביים צונויפטרייבן די יידן צום טראנספּאָרט, צום לעצטן וועג, צום טויטן־מארש קיין טרעבלינקע. דאָס איז געווען דאָנערשטיק דעם 20 אויגוסט 1942.

נאָך דער ליקווידאציע פון פאלעניצער, מיעדזעשינער און רעמבערטאָווער יידנטום איז געבליבן דער לאגער אין נייווערטס מארטאק, אין וועלכן עס האָבן געארבעט 114 פאלעניצער יידן.

די אָטוואָצקער, וואָס זיינען געווען אין קארטשעווער לאגער האָבן זיך מיט זיי

געטראָפֿן, דעמאָלט ווען זיי זײַנען געקומען אין דעזינפעקציע־אנשטאלט קיין פאלעניין און אויף אזא אופן האָט מען זיך דערוווּסט די טראגישע ווירקלעכקייט.

דעם 14 פעברואַר 43 איז ליפשער, דער שעף פון דער זשאנדארמעריע פון וואר־שעווער קרייז געקומען אין טארטאק און פאראָרדנט אן אפעל. אָן שום באגרינדונג האָט ער ארויסגענומען 14 לאגעריסטן און דערשאָסן.

די שטימונג פון די 100 לאגעריסטן איז געווען א פארצווייפלטע, זיי האָבן דער־קלערט, אז נאָכאמאָל וועלן זיי זיך נישט שטעלן צו קיין אפעל אויב ליפשער וועט קומען.

דער אויפשטאנד אין ווארשע איז אויסגעבראָכן, און דער גורל פון אלע קליינע לאגערן אין ווארשעווער קרייז איז געוואָרן א געחתמעטער — ליקווידירן.

דעם 2 מאי 1943 איז ווידער ליפשער מיט זשאנדארן געקומען, דאָסמאָל צו ליקווידירן דעם גאנצן לאגער. עס איז געוואָרן א גרויסע סאמאטאָכע. שמעון נייווערט, דער זון פון טארטאק־אייגנטימער, האָט זיך געוואָרפן אויף די זשאנדארן, שטעלנדיק א מוטיקן און העלדישן ווידערשטאנד.

דער רעזולטאט איז געווען, אז נאָר איינער האָט באוויזן צו אנטלויפן, דאָס איז מ ש ה פ ר י ד מ א ן, וועלכער איז דער לעבעדיקער עדות פון אומברענגען די לעצטע 99 יידישע מענער אין פאלעניצער לאגער.

די לעבנגעבליבענע פאלעניצער זײַנען מערסטנטייל די, וועלכע זײַנען אין אנהויב קריג אוועק אויף די סאָוויעטישע געביטן און אזעלכע, וואָס האָבן זיך אויסבאהאלטן אויף ארישע פאפירן.



# קאַרטשעוו

פיר קילאָמעטער אונטער אָטוואָצק געפינט זיך דאָס שטעטעלע קאַרטשעוו. דער קליינער יידישער ישוב האָט זיך באַשעפטיקט מיט האַנדל און האַנטווערק, זייענדיק ענג פאַרבונדן ווירטשאַפטלעך און קולטורעל מיט אָטוואָצק און וואַרשע.

אין קאַרטשעוו האָבן די אַנטיסעמיטישע, פּוילישע ריכטונגען, געהאַט פעסטע אָרגאַניזאַציעס און דערפאַר האָבן די יידן, נאָך אין די פּוילישע צייטן, געהאַט אויסצושטיין אַ גאַנצע רייע פאַרפאָלגונגען. אויסהאַקן שויבן אין יידישע וווינונגען, גע־זעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, באַפאַלן יידן אין די גאַסן און פּיקעטירן געשעפטן, ווי אויך דעמאָלירן סטראַגאַנעס אויפן מאַרק איז געווען אַן אָפטע דערשיינונג. אויף אַלע ווענט זיינען געווען אויפשריפטן: „קויף נישט ביי קיין ייד", „יידן זיינען שונאים פון פּוילן" און „יידן־קאָמוניסטן" (זשידאָ־קאָמונאַ).

אין דער צייט פון דער דייטשישער קריג, זיינען פאָרגעקומען גרויסע שלאַכטן נעבן קאַרטשעוו, אין וועלכע עס האָבן זיך אויסגעצייכנט יידישע אָפיצערן. אָבער דאָס האָט ווייניק געהאָלפן צו ענדערן די איינשטעלונג פון דער קאַרטשעווער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס איז געווען אַדורכגעזאַפּט מיט האַס און שנאה צו די יידן. מיטן אַנטשטיין פון וואַרשעווער געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן די עוואַקואַציעס פון דער יידישער באַפעלקערונג פון די אַרומיקע שטעטלעך קיין וואַרשע. דאָס זעלבע איז אויך געשען מיט קאַרטשעוו. די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון קאַרטשעוו איז צונויפגעטריבן געוואָרן צו לאַסט־אויטאָס און אַלע זיינען עוואַקואירט געוואָרן קיין וואַרשע.

אַ קלענערע צאָל קאַרטשעווער, וואָס האָבן געהאַט פאַמיליע אין אָטוואָצק, זיינען אַנטלאָפן פון וואַרשע און געקומען צו זייערע פאַמיליעס.

מיטן מאָמענט פון דער עוואַקואַציע, אין יאָר 1941, בלייבן די קאַרטשעווער מאַטעריעל פולשטענדיק רואינירט. די קאַרטשעווער, וואָס זיינען געווען אין אָטוואָצק האָבן זיך טיילווייז איינגעאָרדנט דורך אַרבעטן אין די שפּיטעלער און אַנדערע מיט האַנדל.

אין אַפּריל 1942 אַנשטייט דער לאַגער אין קאַרטשעוו, ווו עס ווערן 400 מענער פון אָטוואָצק, דאַרונטער אויך קאַרטשעווער, אַוועקגעשיקט.

דער ערשטער קרבן אין לאגער איז דער קארטשעווער לאנדסמאן, דער פריזירער י א נ ק ל ה א נ ד ק א ן. זיין לעבן איז א גראנגל און קאמף פאר אמת, יושר און גערעכטיקייט און פאר די אידעען קומט ער אום אלס העלד און מארטירער.

די קארטשעווער לאנדסלייט מאכן אדורך אלע פורעניות! אין ווארשעווער געטא, ווערן אוועקגעשיקט אין פארשיידענע לאגערן, ווערן אויסגעזידלט קיין טרעבלינקע און קומען אום אין קאמף אין ווארשעווער אויפשטאנד. דאס זעלבע געשעט אין אָטוואָצק אין אויסזידלונגס-טאָג קיין טרעבלינקע דעם 19 אויגוסט 1942.

די קארטשעווער האָבן מיטגעמאכט די מארטיראָלאָגיע פון ווארשעווער און אָט-וואָצקער יידנטום.

דער יידישער ישוב אין קארטשעוו איז פולשטענדיק הרוב געוואָרן. עס זיינען געבליבן איינצלנע יחידים, אלס לעבעדיקע עדות פון חורבן קארטשעוו.

# דער קאָזשעניצער רבי

איינער פוי מערקווירדיקע רביים, וואָס האָבן רעזידירט אין אָטוואָצק, איז געווען
דער קאָזשעניצער רב ארעלע.

טונג און דרך=ארץ, דאקעגן זיין האלטונג און באנעמונג — פארווונדערונג.
זיין אוסערלעכער, פאטריאכאלער אויסזען האָט ביי אלעמען ארויסגערופן אב=
ער איז שטענדיק געווען עלעגאנט אנגעטאָן, מאכנדיק דערמיט א גוטן איינ=
דרוק אויף דער אומגעבונג. זיין מערקווירדיקעס געזיכט, הויכער שטערן, גרויסע
ברעמען און זאַרגפעלטיק געפלעגטע לאנגע שווארצע באָרד, האָט געווירקט היפ=
נאָטיזירנד אויף זיין סביבה.

עס איז נישט געווען לייכט צו אים ארייצוקומען. שטענדיק איז געווען פול
געפאקט מיט חסידים און מען האָט נאָר געקענט בלייבן שטיין אין דרויסן. מען
פלעגט הערן שפילן פידל, פארשיידענע ניגונים, מארשן און אויך מאָדערנע ר̇ע=
וועלערסן.

איך האָב דאָך באשלאָסן מיטן רבין צו רעדן, דערפאר האָב איך אויסגעזוכט
א ספעציעלע געלעגנהייט. דאָס איז געווען פורים 1937. ער האָט דעמאָלט גע=
פראוועט טיש ביי זיין חסיד אין ווארשע אויף דער פראנציסקאנער גאס נר. 4
אויפן ערשטן שטאָק. דאָרט זיינען געווען גרויסע זאלן, ווו מען האָט איינגעאָרדנט
חתונות.

דער זאל, ווו דער רבי איז געזעסן איז געווען געפאקט, מיט א פארשיידנ=
ארטיקן עולם, חסידים אין לאנגע קליידער, יוגנט פון ישיבות און אויך א ריי
„מאָדערנע חסידים", אנגעטוענע קורץ און אויף די קעפ קאפעלושן.

איך בין געשטאנען אין א נעבן צימער און אָבסערווירט די פייערונג. אין
א געוויסן מאָמענט האָב איך אויסגענוצט א געלעגנהייט, ווען די חסידים זיינען
געגאנגען זיך וואשן די הענט צו נטילת ידים האָב איך מיך ארייגעדרייט אין זאל.
שטיין איז געווען אוממעגלעך, ווייל דער געדראנג פון די חסידים איז געווען

אויסערגעוויינלעך, מען האָט נישט געקענט זיך באוועגן, נישט אהין און נישט אהער. איך האָב מיר ביסלעכווייז „אויסגעקעמפט" א פּלאַץ ביי דער וואנט און זיך ארויפגעשטעלט אויף א באנק. דאָס האָט מיר געגעבן א גוטע מעגלעכקייט אלץ צו זען, דעם רבין אין זיין גאנצן פּראכט, זיינע גבאים, טיש-זיצער און די מאכן דרענגנדע זיך חסידים. די לאנגע טישן זיינען געווען אויסגעשטעלט אין דער פאָרם פון א „ח". דער רבי איז געזעסן אין דער מיט און ארום אים חסידים לויט יעדנ'ס אייגענעם חשיבות. צווישן אנדערע עטלעכע רייכע פוטער-סוחרים פון ווארשע.

די טישן זיינען געווען סערווירט מיט אלע בעסטע מאכלים, אָבער קיינער האָט נישט אנגערירט, ביז דער רבי האָט געמאכט א ברכה און געטיילט, ביים טיילן האָבן זיך די חשובע חסידים אנשטענדיק פארהאלטן, ווייל זיי האָבן אלץ באקומען, ראקעגן די שטייענדע חסידים זיינען געוואָרן „ווילד" און געכאפּט די מאכלים אין אזא צאָל, וואָס זיי זיינען נישט אימשטאנד געווען אויפצועסן.

יעדע פּאָר מינוט האָט אן אנדערער חסיד מנדב געווען א קאסטן וויין און דער דערנעבנדיקער וויין-הענדלער פון דער פראנציישקאנער-גאס האָט גלייך באזאָרגט.

דער רבי און די חסידים האָבן געטרונקען אין אזא צאָל, אז עס איז געווען צו באוואונדערן, אז זיי פארלירן נישט דעם גלייכגעוויכט.

אין דער רעכטער זייט אויפן טיש איז געשטאנען א כאָר. אנגעפירט האָט א חסיד מיט א געל בערדל, אלס דיריגענט. דער כאָר האָט געזונגען, די מאָדערנסטע רעוועלערסן, וואָס איך האָב אין א צייט שפּעטער געהערט אין רעווי-טעאטער „אראראט".

אויף דער לינקער זייט, נישט ווייט פון דעם רבין איז געזעסן א יונגערמאן, קורץ-געקליידעט מיט א קאפּעלע אויפן קאָפּ און געהאלטן א פידל אין דער האנט.

ער איז געווען גליקלעך צופרידנצושטעלן דעם רבין און געשפּילט, נאָר דאָס, וואָס דער רבי האָט אים געהייסן. פון צייט צו צייט האָט דער רבי ארויסגענומען פון זיין האנט דעם פידל און אליין געשפּילט.

דער רבי איז געווען אין א פריילעכע שטימונג און האָט מיט צופרידנהייט אָבסערווירט אלע אנוועזנדע, דערביי האָט ער מיך דערזען.

איך בין דעם רבין פאָרגעקומען קאָמיש, איך דרענג מיך נישט צום טיש, כאַפּ נישט קיין מאכלים און שטיי אויף דער באנק. דער רבי האָט מיך מיט א פינגער צוגערופן. איך האָב נישט געזען קיין מעגלעכקייט זיך אדורכצושטופּן, דערפאר האָב איך געענטפערט: רבי, עס איז נישט מעגלעך צוצוגיין, איידער איך האָב נאָך פארענדיקט ארויסזאָגן די ווערטער האָבן מיך געגעבן א נעם אָן 2 חסידים, שרייענדיק צום עולם, לאָזט אדורך, לאָזט אדורך און מיך צוגעפירט צום רבין; דער רבי האָט מיר דערלאנגט די האנט און מיר געשטעלט א גאנצע ריי פראגן, וועלכע איך האָב באַאַנטוואָרטעט, שטעלנדיק דעם רבין אויך א פראגע.

— רבי, איז היינט די אנטשפּרעכנדע צייט זיך צו פרייען, ווען אין סיים ווערט באטראכט א פּראָיעקט צו אסרן די יידישע שחיטה?

דער רבי האָט ברייט געעפנט זיינע אויגן און אנקוקנדיק מיך, דערקלערט, צו ווייסטו נישט, אז עס איז בפירוש געשריבן ושמחת בחגיך.

און ווען איך האָב ווידער געלענקט דאָס רעדן איבער פּאָליטישע פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק האָט דער רבי מיר געזאָגט, אז איך זאָל נישט אוועקגיין גאָר בלייבן ביז ער וועט מיך רופן אויף א געשפּרעך.

אויפן „באפעל" פון רבין האָט מיר א חסיד דערלאַנגט וואסער צו נטילת ידים און איך האָב באקומען א „מוצא" חלה, פיש, פלייש, א האלבע פלאש וויין, א פעקל געפרעסטע פייגן, א פּאָמעראַנץ און ענלעכע מאכלים.

מיט דעם גאנצן פּראָוויאנט בין איך צוריק צו מיין פּלאַץ צו דער באַנק ביי דער וואנט. די חסידים האָבן זיך א וואָרף געטאָן צו מיינע טעלער און אלץ צונעכאפּט. אנדערע, חסידים האָבן מיך מקנא געווען פאר דעם גרויסן זכות צו פירן א געשפּרעך מיטן רבין.

ביז 2 ביינאכט האָט געדויערט דאָס פּראווען דעם טיש. נאכער זיינען די טיש צוגערוקט געוואָרן צו דער וואנט און מען האָט אנגעהויבן צו טאנצן. דער רבי איז געווען אין דער מיט פון ראָד, דער פידלער האָט געשפּילט, דער כאָר האָט געזונגען און די איבעריקע חסידים האָבן צוגעפּאטשט מיט די הענט.

נאָכן טאנצן האָט דער רבי ארויסגענומען א קאנטשיקל און אנגעהויבן שלאָגן לייכט, פּאָטערלעך, און א חסיד, וואָס האָט זיך געשטופּט צו באקומען געשלאָגן האָט באקומען א שמיץ, אז נישט ווילנדיק האָט ער געשריגן פאר ווייטיק, זייענדיק דערביי צופרידן.

נאָכדעם איז דער רבי אריין אין א באזונדער צימער און מיך אריינגערופן.

איך האָב געשטעלט די פראגע, פארוואָס איז נישט די חסידישע וועלט פאראייניקט אין אנבליק אויף דעם אנגריף אויף די יידישע רעכט.

— צו ווייסטו נישט, אז איך בין נישט בשלום מיט ב. ג., האָט דער רבי מיר געענטפערט.

— איך פארשטיי נישט, וואָס דער רבי מיינט, האָב איך געזאָגט.

מיט פארוווּנדערונג האָט דער רבי מיך אנגעקוקט, אז איך וויים נישט, וואָס עס באדייט די ב. ג. און ער האָט מיר דערקלערט, אז ב. ג. מיינט ער בעלז און גער.

דער רבי האָט מיר דערציילט וועגן זיינע איינפלוסן אויפן פּרעזידענט איגנאצי מאָשטשיצקי און וועגן זיין בעפּאָרשטייענדע רייזע קיין פראנקרייך.

דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן פיר און דער רבי איז געווען שטארק מיד און בארוישט פון דעם וויין. ער האָט מיר געגעבן א האוואנא-ציגאר און מיר האָבן זיך געזעגנט.

אין גרויסן זאַל האָבן געוואַרט די חסידים אויף מיין ארויסקומען. אלע זיינען צו מיר צו, אָבער איך האָב מיר נישט געלאָזט ארויסרייסן דעם ציגאר, איך האָב אים אליין געראויכערט. מיט קנאה האָבן זיך די חסידים צוגעקוקט צום רויכגדן

ציגאר און יעדע מינוט האָט מיר אן אנדערער חסיד פּראָפּאָנירט איך זאָל אים פארקויפן, אָדער לכל־הפּחות דערלויבן איין „צי" צו געבן.

זעענדיק, אז די חסידים וועלן מיך נישט ארויסלאָזן פון זאל און וועלן סוף־כל־סוף דעם ציגאר פון מיר צוכאַפּן האָב איך צוגערופן דעם דיריגענט פון כאָר און אים אוועקגעגעבן.

דער דיריגענט פון כאָר האָט מיך צופעליק געטראָפן אין געטאָ אָטוואָצק. איך האָב אים עטלעכע מאָל צו מיר איינגעלאדן אויף שפּיטאלנא 11, וווּ איך האָב געוווינט אין יחיאל מאיר זאָלבערגס ווילע. איך האָב אים געבעטן ער זאָל זינגען, ער האָט אָפּגעזאָגט, ווייל ער איז געווען שטארק פארביטערט און פארצווייפלט וועגן דער טראגישער לאגע פון יידנטום און וועגן דער סאָציאלער אומגערעכטיקייט אין געטאָ. מענטשן ווערן געשוואָלן און שטארבן פון הונגער און דער אויפגעקומענער „קעניג" בערנארד קראָנענבערג, דער קאָמענדאנט פון געטאָ — פּאשעט זיינע צוויי הינט מיט שאָקאָלאדע.

איך האָב מיט באוווּנדערונג זיך צוגעהערט, וואָס ער האָט מיר דערציילט, ווי די צייט האָט אים געענדערט, שטענדיק געווען פארטאָן אין א וועלט פון נגינה און געזאנג, עס איז אים קיינמאָל נישט אנגעגאנגען די אומגעבונג, און היינט, געשלאָגן פון דער טראגישער געטאָ ווירקלעכקייט, פּאסט ער אלץ אנדערש אויף. איך האָב גערן אנגענומען זיין איינלאדונג צו באזוכן דעם רבין.

יום־כּיפּור 1941 בין איך געגאנגען צו דער נייער רעזידענץ פון רבין, וואָס איז געווען בשכנות פון קעלנערס ווילע. אנקוקנדיק דעם רבין, ווען ער האָט געלייענט די ספר־תורה, געבלאָזן שופר און געדאוונט פארן עמוד בין איך געוואָרן פולשטענדיק פארוווּנדערט. ער איז נישט מער געווען צו דערקענען. פון זיין געזיכט איז פארשוווּנדן די אמאָליקע פריידיקע זאָרגלאָזע שטימונג. זיין פּראכטפול שווארצע באָרד איז פולשטענדיק ווייס געוואָרן, הגם, ער איז געווען פולשטענדיק א יינגער מענטש, זיין שטארקער קערפּער איז געווען פולשטענדיק איינגעדארט, אויף זיין געזיכט האָט מען באמערקט פארזאָרגטקייט, ווי ער וואָלט זיך געבראָכן אונטער דער שווערער לאסט פון די יידישע צרות און פּיין. עס איז נישט געווען די אנטשפּרעכנדע צייט און עס איז געווען צו זען, אז ער וויל אויסמיידן יעדעס געשפּרעך אין אנבליק פון דער טראגישער ווירקלעכקייט, צו וועלכע ער האָט נישט געהאט קיין לייזונג.

קורץ פאר דער אויסזידלונג איז דער קאָזשעניצער רבי נפטר געוואָר מיט א נאטירלעכן טויט.

פאר יענער צייט איז דאָס באטראכט געוואָרן פאר א גרויסן זכות און כּבוד אויף א נאטירלעכן אופן אוועקצוגיין אין דער אייביקייט און אויסצומיידן די סאַדיסטישע נאצי־פּייניקונגען.

# דער לעצטער פּסח אין שפּיטאָל „זאַפּיוווקאַ“

אָטוואָצק איז געווען דאָס גרעסטע קור=אָרט פון פּוילישן יידנטום.

אין די פּילצאָליקע ווילעס האָבן געוווינט אלע שיכטן פון דער יידישער געזעלשאפט, אנהויבנדיק פון רביים, חסידים, אינדוסטריעלער, סוחרים, קינסטלער, ארטיסטן, ליטעראטן און זיי האָבן זיך געקוויקט מיט דעם צויבער פון דער נאטור, וואָס אָטוואָצק איז באשאָנקען געוואָרן.

יעדע ווילע איז געווען פאר זיך אן אייגענע קעניגרייך, באצירט מיט הויכע סאָסנע=ביימער, וואָס האָבן זיך זאָרגלאָז צעוואקסן מיט צווייגן און בלעטער, שטרעבנדיק צו די הויכקייט צום הימל.

די אייגנארטיקייט פון יעדער ווילע איז באשטאנען אין די באזונדערע גרופּן געסט, וואָס האָבן זיך דאָרט קאָנצענטרירט.

אין די רעליגיעזע פּענסיאָנאטן פלעגט מען הערן דאָס זינגען פון די רביאישע קאפּעלעס, די נגונים פון מאָדזיצער, בירנבוים און אנדערע.

ביי די ליטעראטן האָט מען געפירט לעבהאפטע שמועסן איבער יידישער און וועלט=ליטעראטור. פליסיק איז געווען אויף דעם געביט י. מ. ווייסנבערג, וועלכער האָט אין אָטוואָצק פארענדיקט זיין לעבן און איז דורך זיינע אנהענגער געקרוינט געוואָרן מיטן טיטל „דער גענעראל פון דער יידישער ליטעראטור“.

דער דיכטער און שול=פּעדאגאָג קלמן ליס איז נישט אָפּגעשטאנען פון זיין ארבעט ביז צו דער לעצטער מינוט פון טראגישן גורל פון אָטוואָצקער יידנטום, שטייענדיק, ווי א זעלנער אויפן פּאָסטן, אלס דירעקטאָר פון „צענטאָס“, דערביי געלייטעט מיט די אזוי=גערופענע „דאָנערשטיקע ליטעראַרישע אָוונטן“, וואָס זיינען רעגולער פּאָרגעקומען יעדן דאָנערשטיק און אויך אין דעם דאָנערשטיק פון לעצטן פּסח.

די בירגערלעכע עלעמענטן; אינדוסטריערלער און סוחרים האָבן „געשוויצט“ ביים שפּילן אין קאָרטן, אָן איבעררייס, בייטאָג און ביינאכט.

דאָס יאָר 1942 איז דאָס טראגישסטע פארן אָטוואָצקער יידנטום, ווייל זי האָט געפייערט דעם לעצטן פּסח.

אָטוואָצק, אלס אָרטשאפט האָט אונטער זיך א לאנגע געשיכטע, ווייל איר געאָגראפישע לאגע איז דער מיטלפונקט צווישן ווארשע און לובלין.

ווען אין ווארשע האָט עקזיסטירט דער פארבאָט פאר יידן צו וווינען און האָבן נאָר געהאט א רעכט צו קומען צו די האנדלס־טעג, ווען עס זיינען פאָרגעקומען די זיצונגען פון סיים, זיינען יידן געפאָרן פון לובלין קיין ווארשע און מיט דער צייט זיך באזעצט אויפן מיטלפונקט, וואָס רופט זיך אָטוואָצק.

אין אנהויב פון 20טן יאָרהונדערט האָט א רייכע עלטערע פרייליין, מיטן נאָמען זאָפיא, פארן טויט איבערגעלאָזט א טעסטאמענט, אין וועלכן זי האָט פארשריבן איר פארמעגן, א גרויסן סאָסנע־וואלד, אויף א שפיטאָל פאר יידישע קראנקע.

איר טעסטאמענט איז אויסגעפירט געוואָרן און דאָס שפיטאָל האָט באקומען איר נאָמען „זאָפיוווקא".

דאָס געביט איז ארומגעצוימט געוואָרן און אויף דעם שטח, וואָס האָט זיך געצויגן פון מלוכהשן וואלד, איבער דער גאנצער קאָכאנאָווסקיעגאָ גאס און א טייל פון דער רעימאָנטא איז אויפגעשטעלט געוואָרן 4 פאווילאָנען פאר קראנקע. ווי אויך א גאנצע רייע ווירטשאפטלעכע געביידעס.

דאָס שפיטאָל האָט פאר זיך זעלבסט געבילדעט אן אייגענע קעניגרייך, זייענדיק פארבונדן מיטן יידישן לעבן פון ווארשע און אָטוואָצק.

פסח 1942 איז דאָס קליינע קעניגרייך „זאָפיוווקא" געווען אָפּגעריסן פון אלגעמיינעם יידישן לעבן פון ווארשע און אפילו אויך פון אָטוואָצק.

אָטוואָצק האָט פאר זיך אליין געהאט 3 געטאָס. דאָס שטעטעלע מיטן באזאר ביי דער באן, מיטעלער געטאָ, וווּ עס איז געווען דער יידן־ראט און די טרויעריק־בארימטע פּאָליציי, אונטער דער אנפירונג פון בערנארד קראָנענבערג, און דאָס דריטע געטאָ, דער אזוי־גערופענער קור־געביט. דאָ האָבן זיך געפונען די אינסטי־טוציעס: „זאָפיוווקא", „בריאות", „צענטאָס" און עטלעכע צענדליק ווילעס.

אָפּגעשניטן פון דער ארומיקער וועלט און אויך פון דער אייגענער שטאט איז דאָס קליינע קעניגרייך „זאָפיוווקא" מיט איר רויטן קרייץ פאָן געשטאנען פאר־יתומט און פאראייניזאמט. די הויכע סאָסנע־ביימער, וואָס האָבן באצירט דאָס שפּי־טאָל־געביט, זיינען געשטאנען, ווי שטומע לעבעדיקע עדות, איינזאפּנדיק אין זיך די אָפּטע געשרייען און קרעכצן פון די קראנקע.

דער לעצטער פסח 1942 איז געווען אן אייגנארטיקער. עס איז קיין מאטעריעלע הילף פון ערגעץ נישט אנגעקומען. די פאמיליעס פון די קראנקע האָבן נישט געצאָלט און דער הונגער האָט אנגעהויבן צו הערשן אין שפיטאָל. מען האָט אנגעהויבן צו זוכן עצות קעגן די שטערבלעכקייט פון הונגער און אויף א ראציאָנעלן אופן צו זיכערן די נאָרמאלע עקזיסטענץ פון שפיטאָל. גרויסע שטחים באָדן זיינען באַ־ארבעט געוואָרן דורך פארזייען מיט ווייץ און קאָרן. דער גערמיזע־גאָרטן איז פאר־גרעסערט געוואָרן. אלע ארבעטן זיינען אויסגעפירט געוואָרן סיי דורכן פערסאָנאל, סיי דורך די קראנקע.

דער ערב־פסח־טאָג איז געווען א הייסער, אין וועלכן די זון איז דערשינען מיט איר גאנצן פרילינגס־פראכט, שיקנדיק לעבנס־שטראלן פאר אלע לעבעדיקע וועזנס אין דער נאטור, אָבער זי האָט נישט געברענגט קיין טרייסט און קיין האָפ־ענונג פאר דעם אָטוואָצקער יידנטום.

אין אָוונט נאָכן אָפּריכטן דאָס דאוונען זיינען אלע געגאנגען צום סדר. דער וועג צום 1טן פּאַווילאָן און אין אלגעמיין דער גאַנצער געביט פון שפּיטאָל איז געווען זאָרגפעלטיק געפלעגט מיט קלעמבעס פארשיידנפארביקע בלומען, פאר־שענערנדיק דערמיט דעם אויסערלעכן אויסזען פון שפּיטאָל.

דער סדר איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין גרויסן זאל פון ערשטן פּאַווילאָן, ווו עס פלעגן פאָרקומען פאָרשטעלונגען און פארוויילונגען. די קראנקע, וואָס האָבן געארבעט און די, וואָס האָבן געקענט פארלאָזן די בעטן זיינען געקומען, אויך די דאָקטוירים, קראנקן־שוועסטער, סאניטארן און דאָס טעכנישע פערסאָנאל. א סאַ־ניטאר, א פּליטלינג פון דייטשלאנד, וואָס איז פאר דער קריג געווען חזן האָט אָפּגעריכט דעם סדר. ביים זאָגן די ברכה „שהחינו, וקימנו לזמן הזה" איז א ווייל שטיל געוואָרן. מען האָט געקענט אָבסערווירן א געוויסע אומזיכערהייט, ווייל ווער ווייסט, וואָס קען פּאַסירן אין פארלויף פון א יאָר, אין א צייט פון ברוטאלער קריג? דער געדאנק איז איבערגעריסן געוואָרן מיט א פארזיכערונג פון דער אויס־געארבעטער סטאטיסטיק פון דער ווירטשאפטס־אָפּטיילונג ביים שפּיטאָל, אז אין זומער וועט זיין 16.000 קילאָ פּאָמידאָרן, צענדליקער טויזנטער אוגערקעס און אלע פארשיידענע געמיזן און אויבסטן אין פאנטאסטישע צאָלן, דערצו ווייץ און קאָרן. דאָס שפּיטאָל האָט אן אייגענע מיל, בעקעריי און עס איז צו האָפן, אז אלע שטע־רונגען און די סכנה פון שטארבן פון הונגער וועט אויף אזא אופן באקעמפט ווערן.

די אָבערשוועסטער סארא קוטנער ביי דער מיטהילף פון ווירטשאפטס־לייטער זינגער און לייטערין פון דער קיך שוועסטער ווילנער האָט פאָרבערייט א באשיידענעם מאָלצייט פאר די קראנקע.

געזונגען האָט מען נישט, ווייל אויפן הארצן איז געווען געגנוג שווער. דעם „אחד אני יודע" און „חד־גדיא" האָט מען איינפאך געזאָגט. מען האָט זיך נישט געפרייט מיט דער אמאָליקער באפרייונג, ווייל מען האָט צו פיל געטראכט וועגן דער רעאלער ווירקלעכקייט. עס האָט אויך קיינעם נישט געפרייט דער צוזאָג, אז איבער א יאָר וועלן די מצות געבאקן ווערן פון אייגענעם ווייץ, וואָס איז פארזייט געוואָרן אויפן שפּיטאָל־געביט. א מאָדנער פאָרגעפיל האָט זיך ארייגגעריסן אין באוווסטזיין פון די סדר־אנטיילנעמער פון דעם שיקזאל, וואָס דערוואַרט אלעמען.

אנשטאט זיך פרייען פון דער אמאָליקער באפרייונג פון עגיפּטן האָט מען גע־טרויערט איבער דער קעגנווערטיקער פארשקלאפונג און בעפאָרשטייענדע פארניכ־טונג.

עס האָט עטוואס באַרואיקט די דערקלערונג פון שפּיטאָל־דירעקטאָר ד"ר סטעפאן מילער, אז אלץ וועט זיין אין אָרדענונג, ווייל אזוי האָט פארזיכערט דער

דייטשישער שטאט=קאָמענדאַנט שליכט, קרייז=הויפּטמאַן ד״ר רופּרעכט און גובערנאטאָר פישער וועגן דער אומבארירלעכקייט פון שפּיטאָל.

מען האָט אנגעהויבן גלויבן אין דער דערקלערונג נישט צוליב זיכערקייט אין דעם, נאָר צו בארואיקן די אויפגערעגטע געמיטער און דענערווירונג, וואָס האָט געגעבערט אין די פארטרויערטע הערצער.

אין די טעג פון פּסח האָבן זיך פארשפּרייט שוידערלעכע ידיעות וועגן דער ידישער ווירקלעכקייט פון דער ארומיקער געגנט פון לובלין און ווארשע. אויך דער מיטלפּונקט, אָטוואָצק, האָט געהאט אירע אייגענע צרות פון פארשיקונגען אין פארשיידענע צוואנגס=לאגערן און אין צוואנגס=ארבעטס=לאגער קארטשעוו.

פאַרטרוילעך זיינען דערגאַנגען ידיעות, אין וועלכע קיינער האָט נישט געוואָלט גלויבן, אָבער שפּעטער האָט זיך דאָס באשטעטיקט אלס היסטאָרישער טראגישער אמת, אז איינער פון די צוואנגס=פארשיקונגס=טראנספּאָרטן אין א צאָל פון 150 אָטוואָצקער יינגעלייט זיינען אוועקגעשיקט געוואָרן קיין טרעבלינקע און איבער זיי איז אויסגעפירט געוואָרן די ערשטע פארניכטונגס=פּראָבע אין די גאז=אויוונס.

די טעג נאָך דעם פּסח זיינען געווען טרויעריקע, באגלייטע מיט שרעק, דענערווירונג און זאָרג ביז דער טראגישער טאָג איז געקומען, דער 19 אויגוסט 1942, און ווי ווילדע בעסטיעס זיינען אוקראינער און ס. ס.=לייט אריין אין שפּיטאָל מיט דער באטייליקונג פון שטאט=קאָמענדאנט שליכט, צונויפגעטריבן אלע קראנקע און דאָס גאנצע פּערסאָנאל צום ערשטן פּאווילאָן, ווו דער לעצטער סדר איז אָפּגעריכט געוואָרן און דאָרטן זיינען אלע דערשאָסן געוואָרן.

היינט, 6 יאָר שפּעטער, בין איך דער איינציקער לעבעדיקער עדות פון דעם לעצטן טראגישן פּסח אין „זאָפּיווקא״, און דאָס איז דערפאר, ווייל איך בין פארשיקט געוואָרן אין צוואנגס=ארבעטס=לאגער „קארטשעוו״, אויסמיידנדיק דערמיט דעם שיקזאל פון די אנטיילנעמער פון לעצטן סדר.

טראגיש דערשיינען פאר מיר די רעפלעקסן פון דער 6=יאָריקער פארגאנגענהייט, דער לעצטער פּסח אין ערשטן פּאווילאָן, און דער מאסן=קבר פון אירע אנטיילנעמער.

"יןןןןןןןןןןןןןןןן

# דער באָדן ברענט אונטער די פּיס

אין אַ קאַלטן ווינטער-טאָג, אין דער צווייטער העלפֿט פֿון חודש יאַנואַר 1943, ווען דער שניי האָט צוגעדעקט די ערד, שאַפֿנדיק אַ העלע ווייסקייט אויף דעם גאַנצן שטח ווו די אויגן האָבן נאָר געקענט דערגרייכן, איז געקומען אַננאַ שטאַקעלבערג אינם לאַגער קאַרטשעוו.

זי, אַננאַ שטאַקעלבערג, איז געווען פֿון באַרוף אַ קראַנקן-שוועסטער און גלייכצייטיק די אַסיסטענטין פֿונם הויפּט-דאָקטאָר-אָפּעראַטאָר פֿון מיליטערישן קרייז-שפּיטאָל אין אָטוואָצק. דער אָפּעראַטאָר איז געווען דער יידישער דאָקטאָר יוליוש פֿאָמפּער.

נישט געקוקט אויף אַלע זיינע פֿאַרדינסטן, אַלס דאָקטאָר, און נישט געקוקט אויף דעם וואָס די דייטשישע מאַכט האָט אים שטענדיק גערופֿן צו היילן דייטשישע פּאַציענטן דאָך, איז ער אַלס ייד איבערגעשיקט געוואָרן אין לאַגער קאַרטשעוו, ביי אָטוואָצק, וואַרשעווער קרייז.

אַננאַ שטאַקעלבערג איז געקומען, די אַסיסטענטן, צו איר געוועזענעם שעף ד״ר יוליוש פֿאָמפּער, און דערקלערט: ״דער באָדן ברענט אונטער די פּיס!״

דאָס וואַרשעווער געטאָ איז אין פֿלאַמען, עס קומען פֿאָר קאַמפֿן, די גאַנצע זשאַנדאַרמערי פֿון קרייז איז באַשעפֿטיקט ביי אַ בלוטיקער ליקווידאַציע אין וואַרשעווער געטאָ. ווי נאָר די זשאַנדאַרמערי וועט פֿערטיק ווערן אין וואַרשע, וועט זי קומען ליקווידירן דעם קאַרטשעווער לאַגער, אַזוי האָט זי געהערט פֿונם דייטשישן שטאָטס-קאָמענדאַנט שליכט אין אָטוואָצק. עס איז נישט געווען קיין צייט לאַנג צו טראַכטן. דער פּלאַן איז געווען אַ פֿאַרטיקער. זי האָט פֿאָרבערייט אַ צימערל פֿאַרן דאָקטאָר אין דער אַרישער זייט אין וואַרשע, ביי זיינע, אַ געוועזענע פּאַציענטין. ער איז גלייך מיט איר אַוועק.

איך האָב נישט געהאַט די מעגלעכקייט און דערפֿאַר געמוזט טראַכטן ווי צו קלערן צו געפֿונען אַן אויסוועג צו דער לאַגע. איך האָב מיך ערינערט אין אַ קריסטין וועלכע האָט צו מיר אַמאָל געזאָגט: „ווען דו וועסט זיך געפֿונען אין אַ לאַגע אָן אַן אויסוועג, קענסט דו צו מיר קומען, מיין טיר איז פֿאַר דיר שטענדיק אָפֿן אין

קענסט אויך רעכענען אויף מיין הילף". דער נאָמען פון דער קריסטין יוזעפאַ שימאַנסקאַ וווינט אין וואַרשע אויף דער גאָרטשעווסקאַ גאַס נר. 68. עס איז געווען אַ שווער פּראָבלעם ווי אַזוי אַהינצוקומען.

איך האָב מיך גלייך דעצידירט און געפּאַסט דעם באַשלוס צו פאָרן אויף דעם געגעבענעם אַדרעס. איך האָב אַרויסגענומען אַן אָפּעראַציע-מעסער, וואָס איך האָב געהאַט פאָרבערייט שוין לאַנג, אַריינגעשטעקט אין טאַש פון מיין ראָק, אַרויס אין לאַגער, און אַוועקגעגאַנגען צו דער קאָלייקע (קליינבאַן), וואָס פאָרט פון קאַרטשעוו ביז די פּראַגער בריק. עס איז געווען אָוונט. אַ טונקלקייט האָט באַהערשט דעם האָריזאָנט און הגם יעדער טריט איז געווען פאַרבונדן מיט טויט, דאָך בין איך געווען דעצידירט אויף יעדע שטערונג צו רעאַגירן מיטן „כלי-זין", וואָס איך האָב געהאַט אין טאַש. גלייך ביי דער קליין-באַן-סטאַציע האָב איך געטראָפן דעם פּוילישן קרייז-דאָקטאָר סטעפאַן מאַלטשעווסקי, וועלכער האָט מיך גוט געקענט. ער האָט זיך געמאַכט מיך נישט זעענדיק און איז איינגעשטיגן אין וואַגאָן. איך האָב געקלערט, וואָס צו מאַכן און באַשלאָסן פאַרווירקלעכן מיין פּלאַן. עס איז נישט געווען אַזוי לייכט. די אַלע רייזנדע, דאָס זיינען געווען פּוילישע שמוגלערס, וואָס האָבן געפירט פאַרשיידענע לעבנסמיטל-אַרטיקלען קיין וואַרשע. וועגן דעם האָט די דייטשישע מאַכט גוט געוווסט און דעריבער זיינען יעדע פּאָר טאָג פאָרגעקומען אין די קליין-באַן רעוויזיעס, די סחורות זיינען ביי די רייזנדע צוגענומען געוואָרן, די שמוגלערס זיינען פאַרהאַלטן געוואָרן און מען האָט זיי אָפּגעשיקט אין לאַגערן. איך האָב גאַנץ קלאָר פאַרשטאַנען, אַז איך קען צופעליק אַריינפאַלן אין די הענט פון די דייטשן. נאָך צוויי שעה פאָרן און דענערווירונג בין איך אָנגעקומען צו דער פּראַגער בריק. די באַוועגונג איז געווען אַ גרויסע און ביים אַרויפגיין אויף די שטיגן צו דער בריק זיינען געשטאַנען פּאָסטנס, וואָס האָבן קאָנטראָלירט די פּעקלעך און די דאָקומענטן. צוזאַמען מיט דעם גאַנצן שטראָם מענטשן בין איך געגאַנגען זעענדיק די געפאַר פאַר די אויגן. אין לעצטן מאָמענט האָב איך מיך אָריענטירט און צוריק געגאַנגען מיטן ברעג ווייסל, ביז צו די שעראָקע גאַס. מיט די גאַס האָב איך אָנגעהויבן צו גיין, פאַרבייגייענדיק דאָס יידישע אַקאַדעמישע הויז אויף אָרליטש-דרעשערא גאַס, (די גאַס האָט אַמאָל געהייסן נאָמיעסטניקאָווסקאַ) און דאָס שטאָטישע שעכט-הויז. עס איז קיין צייכן נישט געבליבן פון דעם אַמאָליקן יידישן לעבן אין פּראַגע. איך בין ענדלעך צוגעקומען צו דער זאָמבקאָווסקאַ און טאַרגאָווא גאַסן, און איינגעשטיגן אין טראַמוויי. דאָס פאָרן מיט דעם טראַמוויי איז אויך געווען אומזיכער, ווייל זייער אָפט זיינען געמאַכט געוואָרן דורך די דייטשן אַבלאַוועס און פיל פּאַסאַזשירן זיינען גלייך מיטגענומען און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין די צוואַנגס-אַרבעטס-לאַגערן. איך בין געזעסן אין טראַמוויי און באַמערקט, אַז אַנטקעגן-איבער מיר זיצט אַ מאַן מיט זיין פרוי און האַלטן זיך אין איין סודען. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי באַוווּנדערן מיין דרייסטקייט און דערלויב מיר צו פאָרן מיטן טראַמוויי, ווייסנדיק גענוי, אַז דאָס דראָט צו באַצאָלן מיטן

לעבן. איך האָב צו זיי נישט געהאַט קיין צוטרוי און באַלד ביי דער ערשטער סטאַציע בין איך אויסגעשטיגן. נישט לייכט איז מיר אָנגעקומען דאָס אַהינקומען אויף דעם אַדרעס. דאָס איז געווען אין וואָליע, אַ פּאָר קמ. וועג און קיין צייט איז אויך נישט געווען. דער פאַרבאָט צו גיין אויף די גאַסן איז געווען 9 אַזייגער אָוונט. יעדער וואָס איז נאָך דער צייט געווען אויף דער גאַס האָט געקענט גלייך דורך די פּאַטראָלן דערשאָסן ווערן. די טראַמווייען האָבן קורסירט ביז 8.30 און עס איז שוין געווען נאָענט פאַר אַכט. מיט פאַרשיידענע שוועריקייטן בין איך אָנגעקומען אויף דעם אַדרעס. דאָס איז שוין אונטער דער שטאָט. עס שטייען קליינע הילצערנע הייזלעך נעבן די אַרומיקע פעלדער. עס בלאָזט אַ שטאַרקער ווינט וואָס שליידערט דעם שניי פון די גאַסן אומברחמנותדיק אין פּנים אַריין. איך קלער וואָס טוט מען. צו וועט מיך די יוזעפאַ שימאַנסקאַ וועלן אויפנעמען? ווי וועל איך בלייבן? די געגנט איז אַ באַקאַנטע פון אונטערוועלט-מענטשן און מעסער-שטעכער. אין נאָרמאַלע באַדינגונגען איז דאָרט געווען אַ שרעק דורכצוגיין. איך קלאַפּ אָן אין די טיר און קום אַריין אין שטוב.

די אייגנטימערין, יוזעפאַ שימאַנסקאַ ליגט אין בעט קראַנק, ביים טיש זיצט איר מאַן מיט די צוויי קינדער און פירן אַ געשפּרעך. איך זע, אַז עס איז שלעכט. איך שטעל אַ „קלאָץ-פראַגע” אויב עס וווינט דאָ גורטשעווסקי. איך באַקום אַן ענטפער, אַז די גאַס הייסט גורטשעווסקאַ און דאָ וווינט נישט קיין גורטשעווסקי. איך גיי צוריק אַרויס. דער ווינט בלאָזט שטאַרק און אַן אומעטיקייט צעגיסט זיך. אין מיין האַרצן, אַז אויף דער גרויסער וועלט קען איך נישט געפונען קיין אָרט פאַר מיר און בין נאָר אַרומגערינגלט מיטן געפאַר פון טויט.

נאָך אַ פּאָר מינוטן גיין איבער דעם פעלד הין און צוריק, האָב איך געהערט אַ שטימע, וואָס האָט מיך גערופן. די קראַנקע, יוזעפאַ שימאַנסקאַ, האָט אַרויסגעשיקט איר דינסט-מיידל מיך אַריינצורופן. איך קום אַריין אין שטוב און קוק זיך אַרום און ווי איך זיץ מיך נאָר אַנידער, אָפּצורוען מיינע מידע פיס, קלאַפּט מען אין די טיר און עס קומט אַריין אַ פּאָליציי-אונטער-אָפיציר, וועלכער וווינט בשכנות. די קריסטין האָט מיך פאָרגעשטעלט אַלס איר שוועסטערן-זון און מיר האָבן געפירט אַ געשפּרעך. צוליב דעם וואָס איך באַהערש גוט די פוילישע שפּראַך, איז אויף מיר קיין השד נישט געפאַלן, אַז איך בין אַ ייד, אָבער דאָך האָב איך געמוזט פאָרזיכטיק זיין ביי קריסטלעכע רעליגיעזע פראַגן. דער פּאָליציי-אונטער-אָפיציר האָט די קראַנקע קריסטין פאַרקויפט עטוואָס לעבנסמיטל, וואָס ער האָט באַשטימט ביי וועמען צוגענומען. נאָך אַ האַלבע שעה איז ער אַוועקגעגאַנגען. די גאַנצע וווינונג איז באַשטאַנען פון איין צימערל. דאָרט איז געלעגן די קראַנקע, דאָרט איז געווען דאָס דינסט-מיידל, און די צוויי קינדער. דער מאַן פעליקס זאַיאָנטשקאָווסקי איז אין שטוב נישט געשלאָפן. ער האָט געאַרבעט ביי טאָג און ביי נאַכט. ביי טאָג איז ער געווען אין אַ געשעפט פון טרומנעס, און ביינאַכט איז ער געווען אַ פּאָרטיער אין עוואַנגעלישן שפּיטאָל, אויף דער קאַרמעליצקע גאַס. ער איז נאָר אַהיימגעקי=

מען זיבן אַזייגער אָוונט און איז אַוועק געגאַנגען האַלב נײַן. ער האָט נישט געטאָרט וויסן, אַז איך געפין מיך אין דער שטוב, ווייל ער איז געווען אַ גרויסער אַנטיסע־מיט. ווען ער איז געקומען האָב איך געמוזט זיין באהאַלטן. ס'איז אין דעם צימערל געווען אַן אויסגעצייכנט באהעלטעניש. אין מיטן דער שטוב איז געווען אַ קעלער אויף קאַרטאָפל, קרויט און קוילן. ווען ער האָט געזאָלט קומען בין איך אַריין אין דעם קעלער, וועלכער איז געוואָרן פאַרמאַכט מיט אַ קלאַפּע, איבערגעדעקט מיט אַ טעפּיך און אויף דעם טעפּיך איז געשטאַנען דער טיש און עס איז פולשטענדיק אומבאַמערקבאַר געווען, אַז דאָרט זאָל אַ קעלער זיין.

די קראַנקע יוזעפאַ שימאַנסקאַ, איז געווען אין אַ שווערן צושטאַנד. זי האָט מיר ערקלערט, אַז זי וועט אַלץ טאָן בכדי מיך צו באַשיצן. זי ווייסט אָבער, אַז לאַנג וועט זי נישט לעבן און איר מאַן איז אַ שיכור און אינטערעסירט זיך נישט מיט די קינדער און מיט איר גורל. זי בעט מיך, אז איך זאָל איר צוזאָגן זיך צו פאַראינטערעסירן מיט אירע צוויי קינדער — יאַנינאַ 9 יאָר אַלט, נאַטאַליאַ 7 יאָר אַלט, נאָך איר טויט. איך האָב איר דאָס צוגעזאָגט. איר צושטאנד איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג ערגער. דער דאָקטאָר האָט געהייסן זי זאָל גיין אין שפּיטאָל. זי האָט אָבער נישט געוואָלט, ווייל די קינדער וואָלטן געבליבן אויף הפקר און איך וואָלט געמוזט אַוועק. דאָס דינסט־מיידל איז געווען אַ יידישקע. איר נאָמען אַננאַ וורובעל. זי איז געווען בלאָנד מיט אַ פולשטענדיק אַרישן אויסזען און אויסגעצייכנט גערעדט פויליש. זי איז זאָגאַר יעדע וואָך מיט די קינדער געגאַנגען אין קירכע, עס זאָל אויף איר נישט פאַלן קיין חשד פון די שכנים.

ביי־טאָג בין איך געווען אין שטוב. די טיר איז שטענדיק געווען געשלאָסן. ווען עס האָט ווער געקלאַפּט, זיינען אַלע ווי עלעקטריזירט געוואָרן. אויף באַהאַלטן זיך אין קעלער איז קיין צייט געווען, ווייל דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט דעם טיש רוקן און מיט דעם דיוואַן און מיט די שטילן. דאָס איינציקע אָרט פאַר באַהאַלטן זיך איז געווען די שאַנק. די קראַנקע, יוזעפאַ שימאַנסקאַ האָט פון דערשרעקונגען נאָך מער געליטן. זי האָט שטאַרקער און שווערער אנגעהויבן צו הוסטן, שפּייענדיק מיט בלוט. די קינדער זיינען געווען דערשראָקן און דאָס דינסט־מיידל אַננאַ וורו־בעל איז מיט זיך אויך נישט געווען זיכער. איך האָב מיך געשטיקט אָן לופט אין דער שאַנק. די באַזוכערנס ביי יוזעפאַ שימאַנסקאַ זיינען געווען באַקאַנטע קריס־טינס, וואָס זיינען געקומען מבקר־חולה זיין און דערביי עטוואָס צוגעהאָלפן אין דער ווירטשאַפט און דאָס פלעגט דויערן ווי אַן אייביקייט.

אין אָוונט פאַר דעם אָנקומען פון איר מאַן, פעליקס זאַיאָנטשקאָווסקי, בין איך אַריין אין זעם בונקער. דאָס לעבן אי געוואָרן אומדערטרעגלעך, אין דער אַט־מאָספער פון אומזיכערהייט און שווינדזוכט באַצילן.

אין צווישנצייט האָט זיך איינער דערוווּסט, אַז אַננאַ וורובעל איז אַ יידיש מיידל און ער האָט זיך געזוכט צו איר פּרעטענסיעס. ער איז געקומען צו די קראַנ־קע, אַז זי זאָל אים געבן געלט און קליידונג, אויב נישט וועט ער מסר'ן אויף

דער פּאָליציי, אַז ביי איר גיזפינט זיך אַ יידישקע. עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום ערקלערונגען און אונטערן ־רוק, אַז זי מיטן מאַן און קינדער וועלן דערשאָסן ווערן פאַר האַלטן אַ יידישע דינסט, האָט זי אים געגעבן אַן אַנצוג. יעדן צווייטן טאָג איז דער כוליגאַן געקומען און אויסגעפּרעסט פאַרשיידענע זאַכן. אַננאַ ווּרוּבעל זעענדיק, אַז דער כוליגאַן וועט סוף כל סוף נישט אָפּטרעטן און זי קען נאָך פאַלן אַלס קרבן, ווייל יעדן טאָג איז ער געוואָרן מער דראָענדיקער, האָט זי פאַרלאָזט די שטוב און איז אָנגעקומען אַלס דערציערין צו צוויי קינדער ביי אַ העכערן באַאַמטן אין רעמבערטאָוו. צוליב מיר האָט יוזעפאַ שימאַנסקאַ נישט געקענט צונעמען קיין דינסט און ווי נאָר זי איז אַרויסגעגאַנגען פון בעט עפּעס טאָן, האָט זי גלייך באַקומען אַ בלוט־אויסגוס (קרוואָטאָק).

דער פּאָליציי־אונטעראָפיציר, וואָס האָט געוווינט בשכנות, איז געווער אַ גרויסער שיכור און קאָרטן־שפּילער.

אין דער אָפּוועזנהייט פון זיין פרוי, האָט ער אַרויסגעגנבעט אַלע אירע ווערטפולע זאַכן און פאַרקויפט. דאָס געלט האָט ער פאַרשיכורט און פאַרשפּילט אין קאָרטן. ווען זי איז צוריקגעקומען פון אירע עלטערן האָט ער סימולירט, אַז עס איז פאָרגעקומען אַן איינברוך. זיי האָבן געמאָלדן אויף דער פּאָליציי וועגן אַן איינברוך. יעדע מינוט האָט געקענט קומען פּאָליציי אויף אַ רעוויזיע און דורכזוכן דאָס הויז. ווידער האָט דער באָדן געברענט אונטער די פיס. דעם זעלבן אָוונט, האָט פּאַסירט פאָלגנדער פאָרפאַל: צוואַנציק מעטער פון דעם הויז, אויפן פעלד, איז דערמאָרדעט געוואָרן אַן איטאַליענער צוליב רויב־צוועקן. אויפן באַפעל פון אויספאָרשונגס־אַמט איז דער קערפּער געבליבן ליגן אויפן אָרט פעסטצושטעלן די איינצעלהייטן פון מאָרד.

די איטאַליענער זיינען דעמאָלסט געווען די פּאָליטישע פאַרבינדעטע מיט היטלער־דייטשלאַנד און דערפאַר האָט מען געקענט רעכענען אויף אַ שטרענגע רעוויזיע אין דער גאַנצער געגנט און אויף אַרעסטן.

די אַלע אנגעלעגנהייטן האָבן זיך מיט איין מאָל צונויפגעטראָפן און אוממעגלעך געמאַכט מיין ווייטערדיק פאַרבלייבן אין דעם הויז.

איך פאַרלאָז דאָס הויז, דאָס קליינע צימערל, דעם קליינעם קאַלטן קעלער, די דושנע שאַנק, די הוסטנדע, בלושפּייענדע קריסטין, די שטענדיק וויינענדע צוויי קינדער, דעם שיכורן שכן, דעם פּאָליציי אונטער־אָפּיציר, די וויזיטן פון דעם כוליגאַן און דעם אַנטיסעמיטישן באַלעבאָס.

איך האָב אין זיך איינגעאָטעמט אַ ביסל פרישע לופט און געטרוימט וועגן פרייהייט און וועגן דער אַנטגילטיקער מפּלה פון די נאַצי־אונטערדריקער.

איך בין מיט דעם טראַמוויי אַוועקגעפאָרן צו דעם באַנהאָף, מיטן ציל אַוועקצופאָרן קיין טשענסטאָכאָוו. עס איז נישט געווען קיין צוג און איך האָב געמוזט וואַרטן ביז 11 אַזייגער ביינאַכט. אויפן באַנהאָף האָבן מאַרשירט הין און צוריק זשאַנדאַרמערי־פּאַטראָלן און יעדע אויפפאַלנדע זיי פּערזאָן איז גלייך לעגיטימירט

און אַוועקגעפֿירט געוואָרן אויף דער וואַכע. עס זיינען געווען נעפּערלעכער די פּאַטראָלן פון דער פּוילישער פּאָליציי. ווייל זייער איינשטעלונג איז געווען צו פֿאַנגען יידן. איך האָב געזען, אַז עס איז שלעכט מיין דאָקומענט איז געווען דאָס „כּלי־זין" אין טאַש עס איז מיר איינגעפֿאַלן אַ געדאַנק צו פֿאָרן אויפֿן מזרח־באַנהאָף אין פּראַגע. איך האָב געגלויבט, אַז דאָרט וועט באַשטימט רואיקער זיין.

עס איז האַלב צען אָוונט. עס איז פיל זעלנער און אָפיצירן אויפֿן פּראַגער באַנהאָף און עס פֿאָרן פיל צוגן מיט מיליטערישע טראַנספּאָרטן. יעדע פּאָר מינוט צעטראָגן זיך איבער די ראַדיאָ־הילכערס די נעמען און נומערן פון פֿאַרשיידענע איינהייטן. מערסטנטייל זיינען דאָס געווען טראַנספּאָרטן פון האַנאָווער קיין קאָוועל צום מזרח־פראָנט.

אויפֿן באַנהאָף ווערט שיטערער. עס איז שוין לאַנג „שפּער־שטונדע". עס שטייען נאָר אַ פּאָר ציווילע מענטשן און צווישן זיי איך, וואָס וואַרטן אויפֿן צוג קיין טשענסטאָכאָוו. עס לויפֿט מיט חוצפּה און מיט רוגזה אַ פֿעלד־זשאַנדאַרם מיט קללות אויף די ליפּן: „וואָס מאַכן דאָ די פֿאַרפֿלוכטע פּוילישע שווייגען", ביז 9 אַזייגער אָוונט האָבן זיי די מעגלעכקייט צו גיין, איז דאָס פֿאַר זיי נאָך ווייניק, וואָס מאַכן זיי נאָך דאָ יעצט. מען ערקלערט אים, אַז אויף די גאַסן איז פֿאַרבאָטן צו גיין, אָבער די מענטשן וואַרטן אויף דעם צוג וואָס פֿאָרט ביינאַכט. ער קען זיך נישט באַהערשן פון רציחה, פון בייזקייט וואַרפֿט זיך אויף אים די אָנגעהאַנגענע קייט מיטן האַקנקרייץ מיט דער אויפשריפט נ.ס.ק.ק. ער הויבט אָן צו קאָנטראָלירן די דאָקומענטן. איך זע, אַז עס איז שלעכט. דער באָדן ברענט אונטער די פֿיס. צום גליק, האָט אָנגעהויבן אַ צוג צו פֿאָרן אין דער ריכטונג צום הויפּט־באַנהאָף איך שפּרינג אַריין אין אַ וואַגאָן און פֿאָר אַוועק. דאָס וואַרטן אויפֿן הויפּט־באַנהאָף איז געווען ווי אַן אומענדלעכקייט. דער צוג איז אָנגעקומען און איך בין אַריין אין אַ פֿינצטערע קופּע, אָנקומענדיק 6 אַזייגער אין דער פֿרי קיין טשענסטאָכאָוו. די שווערסטע זאַך איז געווען דאָס אַדורכגיין די וואַך ביים אָפּגעבן דעם בילעט. דאָרט זיינען געשטאַנען זשאַנדאַרן, וואָס האָבן קאָנטראָלירט די רייזנדע. עס איז מיר געלונגען צו געפֿונען אַן אומבאַמערקט אָרט און איך בין אַדורכגעשפּרונגען איבער די דראָט־צוימונג.

איך גיי איבער די טשענסטאָכאָווער גאַסן, אויף וועלכע עס האָבן זיך מיט פיר חדשים צוריק אָפּגעשפּילט די שוידערלעכסטע טראַגעדיע מיט די דאָרט וואוינענדע יידן. קיינער טראַכט גאָרנישט וועגן דעם, קיינער טרויערט נישט נאָך זייער אומגעקומענע זייערע וווינונגען זיינען באַזעצט דורך דייטשן און פּאָלאַקן. דאָס יידישע האָב און גוטס, וואָס איז געבליבן אויף הפקר איז צוגערויבט געוואָרן. איצט טראָגן מענטשן די קליידער פון די אומגעבראַכטע יידן מיט צעשמייכלטע פּנימער און טראַכטן גאָרנישט וועגן דעם טראַגישן געכטן און קומענדן מאָרגן. עס געלונגט מיר צו קומען אין דער פירמע „בראַלאַנד" דאָס איז די פֿאַבריק פון די ברידער לאַנדוי, אויף דער קרומקע גאַס. דאָרטן האָבן געאַרבעט יידן, וואָס זיינען

יעדן פרימאָרגן געקומען פון קליינעם געטאָ און אין אָוונט צוריק געגאַנגען. מיט די גרופע יידן בין איך אין אָוונט אַריינגעקומען אין דעם קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ.

דער ערשטער פריינט מיינער אין טשענסטאָכאָווער געטאָ איז געווען דער פאַרטיזאַנער מיעטעק. ער האָט מיר דערקלערט: זיי פאָרזיכטיק, רעד נישט מיט מענטשן, וועלכע דו קענסט נישט, דערשיסונגען זיינען אַ טאָג־טעגלעכע דערשיינונג, דער באָדן ברענט אונטער די פיס.

# פ ס ח

## אונטער דער הערשאַפט פון דער היטלעריסטישער טיראַניע.

ווינטער, אין יאָר 1943, האָט די סאָוויעטישע אַרמיי געמאַכט קאָלאָסאַלע פאָרטשריטן אויף אַלע שלאַכט=פעלדער. די דייטשישע אַרמייען האָבן זיך אין גרויס פאַניק צוריקגעצויגן פון אַלע קאַמפס=פלעצער.

אַ שטראַל פון האָפענונג דרינגט אַריין אין די הערצער פון די פאַרשקלאַפטע יידן, אַז עס קען אומגעריכט, פאַסירן, אין אַ שיינעם טאָג, זאָל פאַלן די טיראַנישע היטלער=מאַכט און די לאַנג=באַגערטע באַפרייאונג וועט קומען.

די קאַלטע לאָגיק זאָגט קלאָר, אַז די נאַצי=מערדער וועלן באַוויזן צו פאַרניכטן די פארשקלאפטע יידן, וועלכע ווערן אויסגענוצט ביז דעם לעצטן מאָמענט. אָבער אין האַרצן גליט די האָפענונג, אַז צוליב אַ אומדערוואַרטעטע געשעעניש, שנעלע פאַסירונג און אפשר טאַקע א נס, וועלן די דייטשן נישט באַוויזן אויסצופירן זייערע טייוולאָנישע פלענער און אַ טייל יידן וועלן געראַטעוועט ווערן פון אַ זיכערן טויט.

טיף, טיף ליגט ביי יעדן באַהאַלטן אין האַרצן די האָפענונג, אַז ער וועט זיין צווישן די, מיט וועמען עס וועט פאַסירן דער נס.

יאָ! די אַלע, וואָס האָבן זיך אַמאָל באַטראַכט פאַר ראַציאָנאַליסטן, לאָגיש און פראַקטיש דענקנדע, האָבן אַלע וויסנשאַפטן און טעאָריעם אַוועקגעלייגט אין אַ זייט, און אין אָנבליק פון אָנקומענדער געפאַר, אָנגעהויבן צו גלויבן אין אַ נס.

אין אַזאַ עקזאָלטירטער שטימונג גיב איך מיר אַ פייערלעכן נדר אָפצוריכטן דעם סדר, פסח 1943, ביי אַלע אומשטענדן, אויב עס וועט מיט מיר געשען אַ נס און איך וועל בלייבן לעבן.

אין יידישן פאָלק אין אייראָפּע, אויף וועלכע עס איז געפאַלן די קללה פון פאַרניכטונג און פארשקלאפונג, וואָס האָבן קיין גלייכן אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשהייט, איז אין דער עקזאָלטירטער דערוואַרטונג אויף באַפרייונג קיין ענדערונג געקומען. עס גיסן זיך נאָך אַלץ טייכן אומשולדיק בלוט. עס דערוועקט זיך אין די שוצלאָזע, צום טויט=פאַר'משפט'ע זין פון יידישן פאָלק, וועלכע

האָבן ביז איצט אויסגעדריקט זייער קאמף אין א פּאסיווער פאָרם, א ווילן צו אַקטיוון און פּאָזיטיוון קאַמף, הגם אַן אומגלייכער, פאַרצווייפלטער, בכדי צו שיצן דעם כבוד פון פאָלק.

איך בין דעמאָלסט געווען אין לאגער קאַרטשעוו, 4 קמ. אונטער אָטוואָצק און 32 קמ. פון וואַרשע.

אין דער צייט זיינען פאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי געשעענישן, אין וועלכע עס זיינען געקומען צום אויסדרוק דער יידישער, העלדישער ווידערשטאַנד.

דעם 4טן יאַנואַר 1943 האָבן זיך 2 דרייסטע, מוטיקע, יידישע יוגנטלעכע: איזיאָ פיינער און מענדל פישעלעוויטש פון טשענסטאָכאָוו זיך געוואָרפן מיט געווער אין די הענט קעגן די 2 ס.=ס.=מענער, יידן=מערדער, ראָאָן און זאָפּפאַרט. אין ביאַליסטאָק האָט זיך דער יוגנטלעכער מאַלמעד מיט ברען=שטאָף (אַ פלאַש וויטריאָל) געוואָרפן אויף דריי ס.=ס.=מענער, פון קאַרטשעווער לאַגער זיינען אַנטלאָפן יוגנטלעכע אין די וועלדער און אויפן וועג האָבן זיי נקמה גענומען איבער די רוצחים פון יידישן פאָלק, אָנפאַלנדיק אויף די דייטשישע וואַכן, און זיי אומגעברענגט. צוגענומען דאָס געווער און די קליידונג, בכדי ווייטער צו קענען פירן דעם קאַמף מיט געווער, און צו זיין פאַרשטעלט אין דייטשישע אוניפאָרמען, ענלעכע געשעענישן זיינען פאָרגעקומען אין ווילנע, מעזריטש און אַנדערע אָרטשאַפטן. אין א גרעסערן מאסשטאב ברעכט אויס, דער ערשטער ווידערשטאנד אין ווארשע, דעם 17 יאנואר 1943. גאַנצע הייזער, אויף זאַמענהאָפאַ און מוראַנאָווסקאַ, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען אָרגאַניזירטע גרופן, קיבוצים, האָבן געפירט אַ דערפאָלגרייכן קאַמף קעגן די בלוטיקע מערדער פון יידשן פאָלק. דאָס זעלבע איז געשען אין אַ גאַנצע רייע געטאָס און לאַגערן.

פאַראַלעל צו די געשעענישן איז פאָרגעקומען אַ באַוואָפנטער אָנפאַל אין קאַרטשעוו. אויפן גרונט פון דער דייטשישער אויספאָרשונג און פוילישע עדות האָבן די דייטשן פעסטגעשטעלט, אַז ציגיינער האָבן אנטיילגענומען אינם איבערפאַל, גלייכצייטיק איז צוגעשריבן געוואָרן די שולד די יידן, ווייל עס זיינען געווען פוס=צייכנס אין שניי, וואָס האָבן געפירט פון אָנפאַל=אָרט ביז צום יידישן לאַגער.

דייטשישע זשאַנדאַרן, אין פאַנצער=העלמען, אונטער דער אָנפירונג פון בלוטיקן ליפשער, שעף פון דער זשאַנדאַרמעריי אין וואַרשעווער קרייז, זיינען געקומען צוערשט „ליקווידירן” די ציגיינער=קאָלאָנע, וואָס האָט געוווינט אין קארטשעוו. צו אַלעמענס פאַרוווּנדערונג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ציגיינער האָבן דיספּאָנירט מיט אַ גאַנצן אַרסענאַל געווער, זאָגאַר מיט מאַשין=ביקסן און גראַנאַטן. עס איז פאָרגעקומען אַ פאַרביטערטער קאַמף און פון ביידע זייטן זיינען געפאַלן קרבנות. די זשאַנדאַרן האָבן באַקומען הילף און דער קאַמף איז געוואָרן אַן אומגלייכער, ביי וועלכן די ציגיינער זיינען העלדיש אומגעקומען. עטלעכע זיינען אַנטלאָפן, זיי זיינען אַ פּאָר טאָג שפּעטער ארעסטירט געוואָרן דורך דער פוילישער

פּאָליציי, אין דיגסט פון דער נאַצי־מאַכט, און דערשאָסן געוואָרן ביי דער מיל אין קאַרטשעוו, נישט ווייט פון לאַגער.

די פּוילישע פּאָליציי האָט פאַרלאַנגט 10 יידישע לאַגעריסטן צום באַערדיקן די דערשאָסענע ציגיינער ביי דער מיל. דער צופאַל איז געווען, אַז איך זאָל זיין צווישן די געשיקטע צו דער מיל. איך האָב אָבסערווירט צוויי יונגע, 15—16 יע־ריקע ציגיינער, וועמענס לעבן איז דורך דערשיסן איבערגעריסן געוואָרן. בלוט האָט זיך געגאָסן פון זייערע קעפּ איבער די שוואַרץ, סאַמעטענע האָר. די שוואַרצע אויגן און די מיילער זייגען געווען אָפן, מען האָט בולט געפילט, אַז זיי האָבן גע־וואָלט ריידן און אָנקוקן די מערדער, אָבער די זין־אָרגאַנען זיינען ביי זיי איבער־געריסן געוואָרן.

דער פּוילישער פּאָליציאַנט האָט מיך אַוועקגעשטופּט און איז קאַלטבלוטיק צוגעגאַנגען צו די צוויי דערשאָסענע, אַריינגעקוקט אין די מיילער, אויב זיי האָבן נישט קיין גאָלדענע ציין צום אַרויסרייסן און ער האָט פון זיי אַראָפּגעשלעפּט די שטיוול און פעלצלעך, וואָס זיי האָבן געטראָגן.

נאָך דער באַערדיקונג איז דער פּוילישער פּאָליציאַנט, מיט זיין רויב, אַוועק־געגאַנגען אַ צופרידענער. איך בין מיט דער יידישער גרופּע, געקומען צוריק אין לאַ־גער אַ פאַרביטערטער, זעענדיק די טראַגישע און בעסטיאַלישע ווירקלעכקייט.

אַ פּאָר טאָג שפּעטער האָט וועלוול קאָלקאָוויטש צוזאַמענגערופן אַלע לאַגע־ריסטן אין דער וואַך־שטוב און האָט זיך צו זיי געווענדעט מיט פאָלגנדע ווערטער:

„חברים די לאַגע איז טראַגיש, ווער עס האָט נאָר אַ מעגלעכקייט זאָל אַוועק. דאָ איז קיין גוטס נישט צו ערוואַרטן. איך פאַרשווינד פון דאַנעט. איך וואָלט קיין גאַציאָנאַלע פאַרשטענדעניש נישט געהאַט, ווען איך וואָלט אייך וועגן דעם נישט פאַרשטענדיקט, און אייך געלאָזן אויף הפקר".

ווירקלעך זייגען געווען קלאַנגען, אַז ווי גאָר די זשאַנדאַרמעריע וועט פאַר־ענדיקן אירע באַרבאַרישע מערדערייען אין וואַרשע, וועט זי קומען אויסמאָרדן אַלע לאַגעריסטן פון לאַגער קאַרטשעוו. דער לאַגער איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן שיטערער און ווער עס האָט נאָר געהאַט די מינדעסטע שאַנס איז אַנטלאָפן. איך בין געווען צווישן די, וואָס זייגען אַנטלאָפן.

פאַרן קומען פון די זשאַנדאַרן דערשיסן די לאַגעריסטן זיינען אַלע אַנטלאָפן. דאָס איז געווען דעם 7 מאַי 1943.

איך בין נאָכן אַנטלויפן פון קאַרטשעוו געווען אין וואַרשע און עטלעכע טעג פאַר פּורים אָנגעקומען אין קלייגעם טשענסטאָכאָווער געטאָ, וווּ איך האָב געאַר־בעט אין דער פירמע „האסאג־פעלצערן".

מיט מיר איז געשען אַ נס, איך האָב זיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט און אין דעם נדר אָפּצוריכטן דעם סדר 1943 האָב איך נישט פאַרגעסן.

דער צופאל האָט אָבער געוואָלט, אַז דער דייטשישער מייסטער, ווילי ניציאָ־לעק, האָט מיך באַשטימט צו אַרבעטן די פּסח־וואָך ביינאַכט.

פאַר נישט קומען צו דער אַרבעט האָט געדראָט צו באַקומען געשלאָגן „מכות-רצח”, אַריינגעזעצט צו ווערן אין דער תפיסה, (בונקער) און פאַרשריבן צו ווערן אויף אַ שוואַרצער ליסטע, דאָס הייסט, אַז ביי דער ערשטער סעלעקציע צו זיין אַ קאַנדידאַט געשיקט צו ווערן אויף יענער וועלט.

איך האָב באַשלאָסן מיין נדר צו האַלטן און צו דער אַרבעט נישט גיין. אומזיסט איז געווען מיין ווענדן זיך צום פאָראַרבעטער, יוזשעק ליסעק, ער זאָל מיך איבערשרייבן אויף דער טאָג-שיכט, איך זאָל אין די אָוונטן קענען אָפּריכטן די סדרים, עס האָט נישט געהאָלפן, ער האָט געטענה'ט, אַז דאָס וואָס דער דייטשישער מייסטער זאָגט איז הייליק, דערפאַר האָב איך איינגעזען, אַז מיין רעדן מיט אים איז צוועקלאָז.

ערב פסח בין איך אַוועק אין אַמבולאַטאָריום פון געטאָ-שפיטאָל, און סימולירנדיק, אַז איך בין קראַנק, געבעטן אַ באַפרייונגס-שיין אויף די 2 סדר-נעכט. דער ד"ר ברעסלער האָט מיך אונטערזוכט און האָט נישט געפונען קיין גרונט מיך צו באַפרייען. איך האָב אַפּעלירט צו זיין געוויסן און אים דערציילט וועגן נדר און וועגן דער ליקווידאַציע פון קאַרטשעווער לאַגער. ד"ר ברעסלער האָט מיר דערקלערט: — איר האָט געטראָפן און געווירקט אויף מיינע הייליקסטע געפילן, און אפילו ווען איך זאָל וועלן, קען איך אייך אויך נישט אָפּזאָגן, אָבער איך בעט אייך, אַז די 2 טעג, וואָס איך געב אייך אַ באַפרייונגס-שיין, זאָלט איר זיך נישט אַרומדרייען אויף די גאַסן, ווייל דאַן זיינען מיר ביידע ריזיקירט, איך וועל אייך אויך נישט אויפשרייבן אויף דער ליסטע פון די קראַנקע, ווייל די ליסטע ווערט אדורכגעקוקט דורך דעגענהאַרדטן און עס פאַסירט, אַז ער הייסט זיך פאָרשטעלן די קראַנקע.

די טאַט פון ד'ר ברעסלער, אין יענער צייט, איז געווען פאַרבונדן מיט ריזיקירן זיין זיכערהייט און לעבן.

דאָס אָפּריכטן דעם סדר ווערט ביי מיר אן „אידעע-פיקס”. עס דוכט זיך מיר, אַז דאָס פייערן דעם יום-טוב פון באַפרייונג וועט ברענגען די באַפרייונג פאַרן יידישן פאָלק, אויסלייזן פון דער נאַצי-טיראַניע און שקלאַפעריי. עס איז אויך גרויס דער דראַנג אָפּצוהיטן די טראַדיציע פון דורות, וואָס ווערט ביי מיר אַ סימבאָל פון דער עקזיסטענץ פון יידישן פאָלק. עס האָבן אויך אַ צויבער פאַר מיר די סדרים-נעכט, ווייל איך פלעג שטענדיק זיי פאַרברענגען אין קרייז פון מיין פאַמיליע. עס דוכט זיך מיר, אַז אין די נעכט וועלן קומען צו מיר די נשמות פון מיינע נאָענסטע און טייערסטע, וואָס זיינען אויף אַ שרעקלעכן און שוידערלעכן אופן פון מיר אַוועקגעריסן און אומגעבראַכט געוואָרן. איך וויל מיט זיי רעדן, דערציילן מיינע פיין. בעטן ביי זיי מחילה פאַר מיין קלאַמערן זיך צום לעבן, ווען זיי זיינען מער נישטאָ, פאַר מיין פאַרגעסן אין זיי, אין מאָמענט פון אייגענעם פיזישן פיין און געפאַר.

אין אָוונט זיינען די מענער און פרויען פון דער טאָג־שיכט צוריקגעקומען אין קליינעם געטאָ.

דער חזן ישראל יוסף קוטנער האָט איינגעאָרדנט אַ מנין און מען האָט גע־דאַוונט מעריב. נאָכן פֿאַרענדיקן דאָס דאַווענען איז זיך דער עולם פֿאַנאַנדערגעגאַנ־גען אָפּצוריכטן דעם סדר.

ווען איך בין אַהיים געקומען איז דער טיש געווען געדעקט פּסחדיק.

אויפֿן טיש איז געווען: מצות, וויין, חרוסת, און אַ הגדה.

דאָס האָבן מיינע נאָענטסטע, מיטוווינער, זיך באמיט דערמיט, לכל־הפּחות, אַביסל צו באַצירן דאָס טראַגישע לעבן אין געטאָ.

מען זעצט זיך צום טיש. איך מאַך קדוש און הויב אָ צו זאָגן די הגדה. די שטימע רייסט זיך ביי מיר איבער. די גרויזאַמעווירקלעכקייט לאָזט זיך נישט פֿאַרגעסן. עס איז דער ערשטער סדר נאָך די אַקציעס, אויסזידלונגען, סעלעקציעס, וואָס זיינען פֿאָרגעקומען אין יאָר 1942.

די צרות האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פּסח 1940. די סדרים 1941, 1942 האָט מען שוין אָפּגעריכט אין געטאָ, אָבער די יידן האָבן זיך אַן עצה געגעבן און דאָס וויכטיקסטע: אַלע זיינען געווען צוזאַמען. איצט זיינען אַלע פֿאַריתומטע, פֿאַראיינ־זאַמטע און פֿאַרביטערטע.

ווי אַ הוזק קלינגט דער „זמן חרותנו". קענען מיר זיך דען פרייען מיט דער אויסלייזונג פון אַמאָל, ווען די היינטיקע טראַגעדיע איז פיל שוידערלעכער און ביטערער? קענען מיר נאָך גלויבן אין אויסלייזונג, ווען דער טויט לויערט אויף אונדז אויף יעדן טריט און שריט. עס פֿאַרשווינדט פון מיר די ווירקלעכקייט.

עס דוכט זיך מיר, אַז איך זיץ אין קרייז פון מיין משפּחה, וועלכע ערשיינט פאַר מיר אין פולן גלאַנץ, פּראַכט, דערהויבנקייט, הייליקער ליבשאַפט און צוגע־בונדנקייט איינעם צום צווייטן.

דער פאָטער איז אין ווייסן קיטל, ווי אַ ריכטיקער מלך, די מוטער — ווי אַ סימבאָל פון אַלץ, וואָס איז הייליק און טייער, די ברידער, שוועסטער און איינ־געלאַדענע געסט. די שטימונג איז אַ פייערלעכע, די קינדער זיינען אויסגעפּוצט אין נייע מלבושים און אַ פרייד שעמערירט אויף די געזיכטער. מען פייערט דעם טראַדיציאָנעלן באַפרייונגס־יום־טוב פּ ס ח , מען דערמאָנט זיך אין די וויכ־טיקסטע געשעענישן פון פאָלק, די נסים, וואָס זיינען פאָרגעקומען, עס זיצן ביים טיש דריי דורות, טאַטע, מאַמע, זין, טעכטער און אייניקלעך. אַן אַלגעמיינע האַ־מיליע־האַרמאָניע, אַ ליבשאַפט פון איינעם צום אַנדערן און צום פאָלק, וואָס האָט געשטרעבט צו פרייהייט און איז אויסגעלייזט געוואָרן פון פאַרשקלאַפונג.

מיט אַמאָל איז דאָס שיינע בילד פון דער פאַרגאַנגענהייט פאַרשוווּנדן. עס דערשיינען פאר מיר די שרעקלעכע בילדער פון דער ווירקלעכקייט, פאַרצווייפלונג און עלענד באַהערשן מיך און נישט ווילנדיק פליסן פון מיינע אויגן טרערן. נישטאָ קיין טרייסט־וואָרט, נישטאָ קיין האָפענונג, נישטאָ קיין צוקונפט, נישטאָ קיין אויסוועג.

אַלע, וואָס זיצן בײַם טיש באַהערשן די זעלבע געפילן, הערן אויף צו זאָגן די „הגדה". אַנשטאָט באַגערטער באַפרייונג זײַנען געקומען נאָך שאַרפערע רעפּרעסיעס.

די סאַדיסטישע נאַצי־מערדער האָבן ווײַטער זיגרײַך געפירט דעם קריג מיט די שוצלאָזע יידן, וואָס זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אומבאַלוינטע שקלאַפן. די קוימענס פון די קרעמאַטאָריומס האָבן, אויף קיין איין מינוט, נישט אויפגעהערט צו רויכערן. דער וועלט־געוויסן איז אויך נישט דערשיטערט געוואָרן נישט פון די שרעקלעכע פײַן פון די שוצלאָזע קרבנות, און אויך נישט פון דער לעגענדאַרער העלדישקייט פון די יידישע קעמפער, וואָס זײַנען אומגעקומען אין אומגלײַכן קאַמף מיטן שונא.

אַ יאָר שפּעטער. פּסח 1944. איך האָב שוין קיין נאָמען אויך נישט. איך הייס העפטלינג נר. 54 און בין נאָך מער פאַרביטערט און פאַראײַנזאַמט. איך לעב נאָך נאָר צוליב אַ צופאַל, א נס. כמעט אַלע מײַנע נאָענסטע, פרײַנט און באַקאַנטע זײַנען שוין לאַנג אומגעבראַכט געוואָרן. פון דער טשענסטאָכאָווער יידישער באַפעל־קערונג, וואָס האָט נעציילט בײַ 60.000 נפשות, איז נעבליבן בערך 6.000, וואָס זײַנען פאַרשקלאַפט אין די לאַגערן פון די „האסאג"־פאַבריקן. איך נעפין מיך אין פאַרמאַכטן „האסאג־פעלצערן"־לאַגער, וואָס איז אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן און באוואכט דורך דענענעראַטן־מערדער, מכל המינים, פאָלקס־דײַטשן, ווײַס־רוסן און אוקראַינער.

איך בין אין אַ באַראַק, וואָס טראָגט דעם נר. 7. די נאַכט פון סדר ליג איך אויף אַ פּריטשע, אויף אַ פּאַפּירענעם שטרוי־זאַק, אַ פאַרביטערטער און אַ פאַרצווייפלטער.

איך קען נישט מער לייענען די „הגדה" ווענן „ונאל אותנו מעבדות לחרות", וואָס איז אין פולשטענדיקער סתירה מיט דער ווירקלעכקייט. מיר זײַנען פאַרגעסן פון גאָט, פון מענטשן און קיינער קימערט זיך נישט איבער אונדזער גורל. נישטאָ קיין האָפענונג, נישטאָ קיין טרייסט.

עס נעפינען זיך, דאָך, נאָך יחידים אין לאַגער, אין וועמענס הערצער עס גליען פונקען פון גלויבן און האָפענונג.

אָט קומט צו מיר צו דער חזן ישראל יוסף קוטנער און בעט מיך איך זאָל צוגיין צו זײַן פּריטשע. ער האָט אויסקאָמבינירט אַ פּאָר מצות און ריכט אָפּ אַ שטיקל סדר. ער שטופּט מיר אַ שטיקעלע מצה אין דער האַנט אַרײַן און זאָגט צו מיר „מאַך .. שהחינו".

אַ יאָר שפּעטער. פּסח 1945. צו מענטשלעכע צרות און פּײַן איז נישטאָ קיין גרענעץ. יעדעס מאָל איז שלעכטער. שלעכטער, ערגער און ביטערער. איך האָב שוין דורכגעמאַכט דעם קאָנצענטראַציע־לאַגער „בוכענוואַלד", דעם גהינום, ווו דער שוי־דערלעכער געשפּענסט פון טויט — דער קרעמאַטאָריום ברענט טאָג און נאַכט, אין איך געפין מיך אין אַן אַנדערן קאָנצענטראַציע־לאַגער „ד אָ ר אַ".

איך אַרבעט אין אַ טיפן טונעל, אונטער הויכע בערג, וואָס רייסן זיך מיט שטאָלץ צום הימל טויזנטער. טויזנטער מעטער הויך. ווער אינטערעסירט זיך מיט דער צויבער־קעניגרייך פון דער נאטור, ווייל דאָס איז דאָך א קללה און אנטוישונג פאַר אונדז. די זון שיינט, אָבער זי דערגרייכט נישט צו אונדז. מיר געפינען זיך אין אַ טיפן טונעל, ווי לעבעדיקערהייט אין קבר. אונדזערע אויסגעפייניקטע, אויס־געדאַרטע קערפּער פרירן פון קעלט, דער שטענדיקער הונגער, און שווערע אַרבעט פירט אונדז צו אַ לאַנגזאַמען טויט.

יעדן טאָג פאַלן פאַרפּייניקטע חברים, וועמענס קערפּער עס ווערן פאַר־ברענט אין קרעמאַטאָריום.

איך פיל, אַז מיינע כוחות גייען אויך אויס, איך פיל, אַז לאַנג קען אַזאַ צו־שטאַנד נישט דויערן און אויב די אַלירטע אַרמייען וועלן אונדז נישט באַפרייען פון דעם גהינום, וועט דער גרויזאַמער טויט אונדז אויסלייזן פון דער שרעקלעכער פּיין.

דער מוח אַרבעט אַלץ שוואַכער או שוואַכער. עס קומען מאָמענטן פון רעזיגנאַציע, פולשטענדיקער גלייכגילטיקייט צום געדאַנק פון טויט, אַבי עס זאָל אַן ענדע נעמען צו די שרעקלעכע פּיין און פאַרשקלאַפונג.

די דאָזיקע געדאנקען ווערן פארטריבן דורך פאנטאסטישע טרוימען, וועגן ווירקלעכער באַפרייונג. די אַלירטע אַרמייען זיינען דאָך אַזוי נאָענט, אפשר וועט דאָך געשען אַ וווּנדער, אַ נס. א דאָפּלטער — אונדזער באַפרייונג און די מפּלה פון די נאַצי־מערדער.

איין אויגנבליק און מיר קענען זיין פריי, גלייך מיט אַלע מענטשן אויף דער וועלט און שפּעטער זאָל זיין, וואָס עס וויל.

טרוימען, פאנטאסטישע טרוימען פון הונגעריקע, נאקעטע, פארפרוירענע, ווי שטויב־געטרעטענע, דערנידעריקטע שקלאַפן.

די טרוימען דרינגען אַלץ טיפער און טיפער אין מיין נשמה און פאַרכשופן מיך מיט זייער פּראַכט און צויבער.

עס פאַרשפּרייט זיך פארשיידענע ווערסיעס. מען סוד'עט זיך וועגן א שנעלער באַפרייונג, וועגן אַ שיינער פרייער וועלט, אַז מיר וועלן זיין גלייכע, פרייע און שטאָלצע בירגער.

אין די מאָמענטן פאַרגעסט מען אין דעם הונגער, קעלט, פיזישע פּיין און עס באַהערשט אַ געדאַנק פון איבערלעבן די צרות, מיט די לעצטע כוחות באַקעמפן דעם טויט, וואָס לויערט אויף אונדזערע, אויסגעפייניקטע קערפּער.

איך ליג ווידער אויף אַ פּריטשע, אויף אַ פּאַפּירענעם שטרוי־זאַק אין דער סדר־נאַכט 1945 איינגעשלאָסן אין אַ וועלט פון טרוימען, פאַנטאַזיעס און אַסאָ־ציאציעס. מיין שכן, א טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַן, שמעון גאָסטינסקי קוקט אויף מיר מיט בעטנדע בליקן און שטעלט מיר א קאָנצענטראציאָנס־לאגער פּסח קשיה.

— זאָגט מיר, וועט דער גהינום נאָך לאַנג דויערן? איך בעט אייך, זאָגט מיר כאָטש אַ פּאָר טרייסט־ווערטער. איך קען דאָס לענגער נישט אויסהאַלטן.

דער חזן ישראל יוסף קוטנער, דער טיף רעליגיעזער ייד, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַלע צרות צוזאַמען מיט מיר, אויסגעשטאַנען פאַרשיידענע רעליגיעזע נסיונות, אָבער אויף קיין איין מינוט איז זיין גייסט נישט געבראָכן געוואָרן. ער קומט צו מיין פּריטשע, אָבער דאָס מאָל קען ער מיר שוין נישט אָנביטן אַפילו אַ פּיצעלע מצה, ווי אין פאָריקן יאָר.

ער הונגערט פּונקט ווי אַלע, און איז אַליין אָנגעוויזן אויף די פּאָר ביסן חמץ, וואָס ער באַקומט אין קאָנצענטראַציע לאַגער. ער ברענגט מיר אַן אַנדערע מתנה, אין דער פאָרם פון אַ טרייסט און האָפענונג, ער זאָגט צו מיר: „פאַרליר נישט דעם בטחון. עס איז בפירוש געשריבן, אַז אַ שקלאַף איז מען זעקס יאָר און אויף דעם זיבעטן גייט מען פריי. מיר זיינען שוין זעקס פּסח'ן אונטער דער היטלעריסטישער טיראַניע און פאַרשקלאַפונג. בקרוב וועלן מיר אויסגעלייזט ווערן און דעם קינפטיקן פּסח וועט מען ריכטיק פייערן דעם זמן חרותינו."

געקומען זיינען טראַגישע און ביטערע טעג, באַגלייטע מיט הונגער, עלנט, פּיין, קלעפּ, שווערע אַרבעט, מאַסנווייזע שטערבלעכקייטן און עוואַקואַציע.

אין דעם נייעם אָרט, אין קאָנצענטראַציע־לאַגער, בערגען־בעלזען איז ישראל יוסף קוטנערס נבואה פאַרווירקלעכט געוואָרן, די באַפרייונג איז געקומען דעם 15 אַפּריל 1945.

הערלעכע דערהויבענע מאָמענטן פון אונמיטלבאַרן פרייד, נייע האָפענונגען, באַגייסטערונג און געשטאַרקטן מוט האָט זי מיט זיך מיטגעבראַכט.

דאָס דערשיינען פון די ערשטע ענגלישע טאַנקן, די פריידיקע קלאַנגען פון די ראַדיאָ־הילכערס, וואָס האָבן אָנגעזאָגט דעם זיג פון די אַלירטע אַרמייען און אונדזער באַפרייונג, ווי אויך די פריינטלעכקייט פון די זיגערישע זעלנער האָט אויסגעזען ווי אַ קעניגרייך פון טרוימען און פאַנטאַזיעס.

מיטן פאַלן פון דער נאַצי־מאַכט איז פּסח פאַר מיר דער ריכטיקער יום־טוב פון באַפרייונג. איך בין דורך אַ נס באַפרייט געוואָרן פון דער נאַצישער שקלאַפעריי איך פיל מיך אָבער, ווי אַן איינזאַמע צווייג פון אַ צעשטערטן גאָרטן.



# שיקזאַל

20 יולי 1943. אַ שיינער, הייסער זומער טאָג. די גאַנצע נאַטור פרייט זיך מיט די לעבנס־געבנדע שטראַלן פון דער זון: די ביימער און אַלע אַנדערע געוויקסן צעוואַקסן זיך פריי און פראַנק, די פויגל זינגען און פריידיק, די בהמות זעטיקן זיך מיטן הויך־צעוואַקסענעם גראָז.

די דאָזיקע נאַטירלעכע פרייד פון דער גאַנצער נאַטור איז צוגערויבט ביי טויזנטער מענטשן, וועלכע זיינען פאַרשקלאַפט געוואָרן און ווערן געפייניקט דורך בייזע כוחות, וואָס צעשטערן מענטשלעכע לעבנס, קולטורעלע און עטישע ווערטן.

איך בין געווען אין יענעם טאָג אין דער וועשעריי, פון דער רעקאַליברירונג אָפּטיילונג. די שווערע אַרבעט האָט אויסגעמאַטערט מיין קערפּער, פון פּנים האָט זיך געגאָסן שווייס, אַלע גלידער זיינען געווען מיד און צעבראָכן.

איך האָב נישט געזען און נישט געפילט די שטראַלן פון דער זון, ווייל זי האָט צו מיר נישט דערגרייכט. ארום מיר זיינען געשטאַנען פאַרשיידענע מחבלים, וואָס האָבן געצילט אויסצופרעסן מיינע כוחות.

ווי האָב איך מיך געקענט פרייען מיט דער אַרומיקער זאָרגלאָזער נאַטור, אַז איך בין פאַרשקלאַפט, פאַרביטערט און פאַרטרויערט.

עס בלוטיקט מיין האַרץ, צוליב די כסדרדיקע גרוילטאַטן, וואָס די נאַצי־מאַכט פירט אויס. יעדן טאָג — אַלץ נייע סאַדיסטישע איינפאַלן, וואָס קיין מענטש וואָלט נישט געקענט אויסטראַכטן.

עס קומען מיר אויפן געדאַנק די דערציילונגען, צו וועלכע איך האָב מיך אַמאָל, אַלס קינד, מיט גרויס שרעק צוגעהערט, וועגן נישט־גוטע, צולהכעיסניקעס, בייזע און ווילדע רוחות, וואָס שוועבן ארום אין דער וועלט. איך באַגרייף מיט אַמאָל, אַז דאָס אַלץ איז נישט קיין פּראָדוקט פון ווילדער פאַנטאַזיע, אַז בייזע רוחות עקזיסטירן טאַקע, אָבער זיי שוועבן נישט אין דער לופטן, נאָר זיינען פאַרקערפּערט אין מענטשן, וועלכע קענען ווערן בייזער פון ווילדע חיות, ווען עס ווערן אָפּגעשאַפט אַלע עטישע גרענעצן און עס האַנדלט זיך וועגן אייגענעם נוצן און מאַכט.

דער פאַנטאַסטישער באַגריף וועגן גהינום איז געוואָרן אַ ווירקלעכקייט אויף

דער ערד, אַלע גרויזאַמע פּייניקונגען זיינען צוגעטראַכט געוואָרן דורך מענטש־לעכע מוחות.

מיין מוח הערט אויף מיט אַמאָל צו אַרבעטן, צוליבן ווילדן גערויש פון די מאַשינען, קלאַפּן פון די האַמערס, פון די בעמבנעס און זידן פון די דאַמפּ־קעסלען.

מיינע אויגן זיינען געווענדעט צו דער טראַגישער ווירקלעכקייט. ארום מיר שטייען אויסגעמאַטערטע יידן, מיט איינגעדאַרטע קערפּערס און פירן אויס די שווערסטע אַרבעטן. פרויען זיצן ביי די מאַשינען מיט טרויעריקע אויגן, וואָס קוקן צעשראָקן ארויס פון זייערע אויסגעבלייכטע פּנימער.

איך לייד מאָראַליש צוליב דעם טראַגישן שיקזאַל פון מיין פאָלק און פיזיש צוליב דער שווערער אַרבעט און כסדרדיקן הונגער.

מיין אַרבעט איז באַשטאַנען אין אַריינלעגן און אַרויסנעמען הילזן פון שטענ־דיק זיך באַוועגנדע בעמבנעס. די אַרבעט איז געווען פאַרבונדן מיטן באַנוצן פּלי־סיקע זויערשטאָפן, פון וועלכע מען האָט זיך געקענט פאַרברענען די הענט מיט די פיס און די קליידונג איז זיך פאַנאַנדערגעפאַלן. בכדי זיך אויסצוהיטן פון די ראָזיקע פּאָלגן, פלעגט מען טראָגן גומענע שוץ־באַקליידונג. די שטיוול זיינען, אַנ־שטאָט גומי געווען געמאַכט פון סמאָלע, און דערפאַר פלעגן זיי זיך שנעל צערייסן.

יעדן חודש פלעגט דער מייסטער פון דער אָפּטיילונג באקומען א קאָנטינגענט פון שוץ־באקליידונג; שטיוול, פארטוכער, הענטשקעס, הויזן און רעקלעך פאנאנדער־צוטיילן, צווישן די ארבעטער. ער פלעגט נאָכקאָנטראָלירן, ווער עס האָט צעריסענע זאכן, צונעמען זיי פון די ארבעטער און געבן די נייע.

דעם 20 יולי 1943 איז דער דייטשישער מייסטער, ווילי ניציאָלעק, מיט א פאפיר און בלייסטיפט אין דער האנט, ארומגעגאנגען צווישן די ארבעטער, זיי גענוי אבסערווירט און א טייל פון זיי פארשריבן. עס איז פאר מיר קלאָר געווען, אז עס ווערן פארשריבן די, וועלכע דארפן באקומען שוץ־באקליידונג און שטיוול. דער־פאר בין איך צו אים צוגעגאנגען און געוויזן מיינע צעריסענע שטיוול, בעטנדיק מיך אויך פארשרייבן. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן מיין רעדן, ער האָט מיר נישט געוואָלט פארשרייבן. איך בין צוריק אוועק צו מיין ארבעט. מיין שכן, וואָס האָט געארבעט ביי א צווייטער מאשין, האָט מיר געגומען מאכן פאָרווורפן „זע", האָט ער צו מיר געזאָגט, „אלע מייסטער האָבן דיך דערקענט, פארשטאנען, אז דו ווילסט נישט ארבעטן, אז דו מאכסט אלץ קאלע, און דערפאר וויל ער דיך נישט פאר־שרייבן". אין א געוויסער מאָס איז דאָס געווען ריכטיק, אָבער וויפל איך זאָל נישט ארבעטן, בעסער געזאָגט, קאלע מאכן די הילזן, איז דאָס אויך געווען א גענוג שווערע ארבעט; דערפאר האָב איך מיך געהאלטן פאר בארעכטיקט צו פאָדערן א פּאָר גאנצע שטיוול. איך האָב פּראָבירט א צווייט מאָל צוגיין צום מייסטער, אפשר וועט דאָס מאָל העלפן. דער מייסטער, ווי נאָר ער האָט מיך צום צווייטן מאָל

דערזען, איז ארויס אויף מיר מיט א מענה־לשון, אז אויב איך וועל נישט אויפהערן צו דרייען אים א קאָפּ וועגן די שטיוול, וועט ער מיך פארשרייבן, אז איך זאָל מער שוין די וועלט פאר די אויגן נישט זען.

איך בין אוועק פון מייסטער א פארביטערטער. וואָס האָב איר געקענט מאכן? עם העלפט נישט, ער וויל מיך נישט פארשרייבן.

ווי עס האָט זיך ארויסגעוויזן, איז דאָס צוזאמענשטעלן פון דער ליסטע געווען א פאָרבערייטונג צו דער סעלעקציע, וואָס איז פאָרגעקומען 10 בייגאכט, דעם זעלבן טאָג. ביינאכט, ווען דער מייסטער, ווילי ניציאָלעק, האָט אַדורכגעפירט די סעלעקציע פון דער רעקאליברירונגס־אָפּטיילונג, האָט ער ארויסגענומען פון די רייען אלע, וועלכע ער האָט געהאט פארשריבן. זיי זיינען אוועקגעשיקט געוואָרן אויפן בית־עולם און דאָרטן דערשאָסן און אין א מאסן־קבר באערדיקט געוואָרן.



# מאַטעריאַל קוועלן:

## I.

פּערזענלעכע אָבסערוואַציעס און איבערלעבונגען פונם אויטאָר, וועלכער איז געווען אין דער צייט פון דער נאַצי־הערשאַפט אין אָטוואָצק. פון 26 סעפּטעמבער 1939 ביז דעם 27 אַפּריל 1942 געאַרבעט אין סאַניטעטס־דינסט אין שפּיטאל „זאָפּיוווקאַ“. פון 28 אַפּריל 1942 ביז דעם 22 יאַנואר 1943 געווען אין לאַגער קאַרטשעוו. פון 22 יאַנואר 1943 ביז דעם 15 מערץ 1943 געווען אויף דער אַרישער זייט אין וואַרשע. פון 18 מערץ 1943 געווען אין קליינעם טשענסטאָכאָווער געטאָ, אַרבעטנדיק צוערשט אין „האסאג־ראקאוו“, דאַן אין האַסאַג־פּעלצערן“. דעם 25 יוני 1943 קאָשאַרירט געוואָרן אין „האסאג־פּעלצערן“ ביז דעם 15 יאנואר 1945. דעם 15 יאנואר 1945 עוואקואירט געוואָרן קיין בוכענוואַלד און דאָרט געווען ביז דעם 23 יאנואר. דעם 24 יאנואר איבערגעשיקט געוואָרן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער „דארא“ ביי אינטערזאַקסענהאַוזען און דאָרט געווען ביז דעם 2 אַפּריל. דעם 2 אַפּריל עוואַקואירט געוואָרן קיין בערגען־בעלזען און דאָרט דעם 15 אַפּריל 1945 באַפרייט געוואָרן.

## II.

גביות עדות פון:

אַש מענדל,
גאָלדשטיין הערש,
האָראָוויץ קלמן,
קאָלקאָוויטש מענדל.


יזכור
חורבן אָטוואָצק,
פּאלעניץ,
קארטשעוו
24.000 קדושים



מצבת
לזכרון נצח
אבי פסח ואמי חנה
גרונדלאנד
ואחי: יצחק, משה,
מאיר, שלום וראובן
גרונדלאנד
ז"ל
שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים
על קדוש השם והעם
פייוול גרונדלאנד
2107



ת נ צ ב ה
לזכרון נצח
אשתי ובתי
עדזיא וניטל
ה א ר אָ ו ו י ץ
אחותי שפרה האראָוויץ
ובנה בעניעק
ז"ל
שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים
על קדוש השם והעם
קלמן האראָוויץ
2107



תנצבה
לזכרון נצח
דודי יוסף ואשתו חומה
האראָווין
שבתי שרה ודודתי סימה
רייזל קופערשמידט
וגיסי הערש קופערשמידט
ז"ל
שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים
על קדוש השם והעם
קלמן האראָוויץ
2107

ת נ צ ב ה



**לזכרון נצח**

אבי חיים, גרשון
אמי רחל, אחי מאיר
ב א ג מ א ן
שבה ושבתי אברהם ויהודית
פ ע ל ע ר מ א ן.
דודתי שיינדל ובעלה ובנם.

ז"ל

שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים
על קדוש השם והעם

טויבע מארגעל מהבית באגמאן


ת נ צ ב ה
לזכרון נצח
שלמה, יוכבד, איטשע,
משה, דינה
ומשפחתיהם באגמאן
ז"ל
שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים
על קדוש השם והעם
טויבע מארגעל
מהבית באגמאן
2107


תנצבה
לזכרון נצח
אמי צפורה בת יחיאל ז״ שמאי
סטאלקאווסקא
אחותי וגיסי מלכה וחנינה
זינגעלמאן וילדיהם
אחי נחום ואשתו ביילה
סטאלקאווסקא וילדיהם
ז״ל
שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים
על קדוש השם והעם
משה סטאָלקאָווסקי
2107



ת נ צ ב ה
לזכרון נצח
אחי אברהם וגסתי חיה
ס ט א ל ק א ו ו ס ק י
אחותי פערל ובעלה
וועלוול קאָלקאָוויטש ובנם
ז"ל
שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים
על קדוש השם והעם
מישה סטאָלקאָווסקי
2107



ת נ צ ב ה
לזכרון נצח
נחמה קונסקר ומשפחתיה
יעקב צבי קונסקר ומשפחתו
אלתה, חיה, אסתר קונסקר
שמערק קונסקר
ז״ל
שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים
על קדוש השם והעם
אברהם קונסקר מאטוואצק


ת נ צ ב ה
לזכרון נצח
אליעזר קאלקאוויטש
ז״ל
נולד 30 פברואר 1930
שנרצח ביום 12 ספטמבר 1944
על ידי הפולניים האכזרים בשעת
ממשלת הנאצים על קדוש השם
והעם.
וועלוול קאלקאוויטש
2107


תנצבה
לזכרון נצח
שמואל האראוויץ
לייביש האראוויץ ואשתו
יימע ובתה רוזשקא
אנדזיא ובעלה יוסל פיינזילבער
ז״ל
שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים על
קדוש השם והעם.
קלמן וצעשא האראוויץ
2107


תנצבה
לזכרון נצח
יצחק וחוה
מיינעמער
ז"ל
שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים
על קדוש השם והעם
שמחה מיינעמער
2107


ת נ צ ב ה
לזכרון נצח
משה ראָזענבלום,
אשתו ראכמא וילדיהם
שימעק וריבה
נ י ס ן ק א ן,
אשתו רבקה וילדיהם
שרה ויוסל ז"ל
שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים
על קדוש השם והעם
שרה ראָזענבלום
2107



ת נ צ ב ה
לזכרון נצח
מאָטעק ורחל־לאה
ג אָ ל ד ב ע ר ג
ז"ל
שנרצחו על ידי הנאצים האכזרים
על קדוש השם והעם
זיסל וישולמאבראדא
2107

| | |
|---|---|
| גאָר | וואָס |

# דערשינען

## דאָס גרויסע בוך פון דער לעצטער חורבן־פאַרשונג אין אייראָפּע

פון ב. אָרענשטיין

# חורבן טשענסטאָכאָוו

(אין לאַטייניש\u05e2ר שריפט)

## אינהאַלט:




אַרויסגעגעבן דורך דער צענטראַל־פאַרוואַלטונג פון דער טשענסטאָכאָווער לאַנדסמאַנשאַפט אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד.

מיט באַשטעלונגען און פּראָספּעקטן זיך ווענדן אויף פאָלגנדן אַדרעס:
Literarisch-Historisches Büro, Bamberg, Sophienstraße 12